פערלאג „דער האמער״, ווילנא.




# די יוגענד-שטימע.

## זאמעלבוך.



ערשטעס העפט.

1908.

„ДИ ЮГЕНДЪ-ШТИМЕ". Сборникъ статей и разсказовъ.

## מְנַחֵם.

# אין פֶערצאַפֶּעלְטֶען לַאנְד.

(וואַריאַנטען).

... נו, יאָ... מיר זענען ביידע צאַפּעלדיגע, קראַנקע ..
פערשטעהסט עס נישט? — —
ס'איז ערגיץ אויף אַ הויכען באַרג פאַרהאַן אַ לאַנד —
עס שטויסט זיך יאָהרען־לאַנג אַ פייער פון דער ערד
און קלייבט זיך קנוילענווייז אונטער'ן באַרג —
און ס'צאַפּעלט, ס'טרייסעלט זיך די ערד,
עס טרייסעלט זיך די לופט אַרום דעם באַרג
און ציטערט...
און ס'איז אַ לאַנד — עס וואַקסען בוימער,
עס פליהען פויגעל, ס'לעבען מענשען, ס'קלינגען ליעדער·
און אַלעס צאַפּעלט.
דיין בענקשאַפט און דיין ליעבע,
און דיינע לופטיגע געדאַנקען צאַפּלען — — —
פון דור צו דור, פון דור צו דור,
ווערט ווילדער, העלישער דער פייער,
דער באַרג צוטרייסעלט זיך,
די מענשען ציטערן,
און זייער טריט און בליק און וואָרט
ווערט מיט'ן ווינד און פייער
צעוואָרפען און צושמעטערט —
און זייער פרייד און לייד איז נאָר דאָס צאַפּלען
פון באַרג, וואָס אונטער זיי,
פון דער צודולטער הייסער לופט אַרום דעם באַרג...
פערשטעהסט?
מיר זענען ביידע פון יענעם לאַנד...
און ווילסטו — וועל איך דיר דערצעהלען

פֿון אונזער קינד, וואָס וועט געבאָרען ווערען
אין אונזער צאַפּעלדיגער ליעבע,
אין לאַנד, וואו ס'איז ניטאָ קיין מענשען־ווילען,
נאָר בלויז אַפּייער־ווילען פֿון דער ערד
און דער פֿערשטיקטער, דולער לופֿט...

* *
*

...עס ציטערט אומגערן אַ סטרונע פֿון אַ פֿידעל אויף,
אַ קלאַנג צוגיסט זיך, ווי אַ שטילער וואַסער
זאָל איהם אויף זיינע וועלען ווייט פֿערטראָגען, —
און געהט אויס —
און זיין נשמה, די שפּינוועבס־לופֿטיגע
ווערט אויפֿגעציטערט,
פֿערוועלקטע בענקשאַפֿט, גראָהע האָפֿנונגען,
חלומות אַלטע ווערען אויפֿגעמינטערט,
אין טיעפֿע קנייטשען גראָבט זיך איין דאָס בלאַס געזיכט,
די פֿינגער קנאַקען, ס'ברעכען זיך די הענד
און וועהטאָגליכע קרעכצען רייסען זיך —
זיי מאַכען צאַפּלענדיג די לופֿט
און ווידער וועקט זיך אויף אַ סטרונע
אין צאַפּעל פֿון דער לופֿט — — —

...עס פֿלעכט אַ שוואַלב אַ נעסט איבער'ן פֿענסטער
אין מיטען העלען זומער־טאָג,
און טוט אַ קלונג, אַ העלען קלונג
צום ליכטיג בלויען טאָג, —
און איבערפֿול פֿון פֿרייד ווערט זיין נשמה,
עס וואַקסען מעשיות לופֿטיגע פֿון זאַנג און קלאַנג,
פֿון שטראַהלענדיגער ליעבע
און פֿליהען אויף צום הימעל ווי אַ מחנה,
וואָס האָט איהר הייס־געליעבטען העלד דערזעהן;
ער זעהט עס, האַפּט זיך מיט די צאַפּעלדיגע הענד
ביים קאָפּ פֿון פֿרייד,
פֿאַלט קושען, קושען יעדער קאַלטען שטיין
און קושט מיט אַ פֿערשטיקטען אָטעם יענעם אָרט,
וואו ס'איז פֿון איהם אַליין דער שאָטען
אויפ'ן וואַנד געפֿאַלען — — —

...עס קלאַפּט, עס פֿאָלט אַ רעגען אינ'ם דאַך,
עס שטויסט זיך אָן די שויבען אָן אַ ווינד
און קרעכצט און בעט פֿאַר עמיצען רחמנות —
אַ קוואַל פֿון גאַל־טרעהרען צופּלאַצט ביי איהם אין האַרצען,
ער פֿאַלט אויף דר'ערד צונויפֿגעדרעהט
און בויגט זיך, ווי אַ קינד אין קאָנוואולסיוועס ליידען,
און הליפּעט, הליפּעט, רייסענדיג די האָהר פֿון קאָפּ,
און הויבט זיך אויף צוטומעלט, לויפֿט אין גאַס, אין רעגען,
די טרעהרען זיינע טרינקען זיך אין רעגען,
ער לויפֿט און שרייט — ניין, ניין!.. ניין!.. איך קען נישט!..
איך בין דאָך שוואַך... איך בין דאָך אוי! אומגליקליך!..
און ווידער פֿאַלט ער, אָבגעשוואַכט, און יאָמערט, הליפּעט — — —

...עס איז אַ נאַכט געווען, אַ קאַלטע שוואַרצע נאַכט,
און איינגעגראָבען אין דעם קישען,
האָט ער געהערט,
ווי ס'ברומט מיט בּיהנען טויזענדער די שטילקייט...
און ער קעהרט אום דעם קאָפּ,
דערזעהט אַ בלאַסע שיין —
די אויגען עפֿנען זיך ביז ווערטאָג ברייט —
ער ווערט פֿערציטערט —
שפּרייט אויס די הענד און שרייט —
— אָ זון! זון! זון!
און שטאַרק, און אומגעלומפּערט הויך שרייט ער —
ס'געשעהען וואונדער —
די זון דערהערט
און קוקט אַרויס פֿערוואונדערט מיט איהר פֿייער־בליק
און ליכטיג ווערט די ערד — — —

...און ווען עס שפּאַלט אַ בליץ דעם הימעל
און ס'שפּאַרט זיך דורך דער קראַך פֿון דונער אינ'ם האַרצען,
אָ, דאַמאָלס, דאַמאָלס,
ווערט ענג פֿאַר איהם אַליין די וועלט —
עס דריקען זיך די פֿויסטען אויף אַזוי,
אַז ער צובלוטיגט מיט די נעגעל זיינע הענד,
און רופֿענדיג די ערד און הימעל צו מלחמה
מיט אַ פֿערשטיקטען הייזעריגען קול,
פֿערהילכט ער זיך דעם דונער־קנאַל,
צוררייסט די וואָלקען פֿאַר די אויגען מיט'ן קול
און דאַמאָלס —

אַ טויטער פֿאַלט ער אַפּשר אויף דער ערד,
וואָס איז צו ענג פֿאַר איהם געווען — — —
— — — — — — — — — — — — —

... צו אָהן אַ צאָהל געליעבטע
האָט ער זײַנע שטילע טרוימען שיקען מיט׳ן ווינד,
און יעדערע פֿון זײ
וואָט הונדערט אַנדערע אויף איהרע ברוסט פֿערוויגען...
פֿערשטיקט וואָט זײַן די לופֿט פֿון זײַנע ליעבע-ליעדער,
און נאָר אַ ריהר פֿון צאַרטע פֿינגער
צום בלייכען שטערען
וואָט מיט אַ נײַע ליעד די ליעבע-לופֿט צויאָגען הוואַליעס-ווײַז
און ס׳וואָט דאָס קלינגענדיגע ליעד ניט קאָנען
דעם בלוט-שטורם פֿערהילכען...
טויט-בלאָס וואָט זײַן געליעבטע
פֿון די צודרעהטע אָרעמס זיך בעפֿרײַען,
און ס׳נײַ געבוירען קינד וואָט אין די וויקעלעך
די אויגען רײַסען פֿון דער מוטערס ברוסט
און האָט דערשטיקט ווערען
אין איהרע אייפֿערזיכטיג-ליעבענדע,
אין איהרע ציטערענדע אָרעמס — — —

... פֿערבענקט צום אונבעוואוסטען, ברויזענדעס,
אַנטלויפֿען וואָט ער צו די הויכע בערג
און קלעטערען אויף זייערע משופּע׳דיגע קערקער
און קלעטערען און פֿאַלען,
ביז, אַ צושלאָגענער, מיט קריצענדיגע צייהן,
האָט ער די בערג פֿעראַכטען...
און אין דעם ווײַטען, וויסטען מדבר
האָט ער זיך לאָזען וואַנדערן,
און זוכען אין דער פּוסטעניש,
ביז ס׳וואָט די לעערע, האַרטע שטילקײַט
זײַן קאָפּ פֿערהילכען
און הילד וואָט ער פֿון ערד אַנטלויפֿען — — —
צום ים, צום ברומענדען...
און יאָגען זיך אויף זײַנע הויכע וועלען,
אָברײַסענדיג ווילד-בליציגע פֿערלאַנגען
פֿון זייערע פֿערשוימטע קערקער,
און שענקען זיי דעם ים צוריק
אין ביטערליכע אויסגעשרייען,

בּיז ס'וועט די ים־געמורמלערייַ
אַ ווילד געפּילדער, אַ געררודער אויפוועקען
אין זייַנע גליעדער —
און מיט פערשטאַארטע אויגען
וועט ער פון ים אַנטלויפען —..
און פלינקער, ווי די גרינגסטע פויגעל
אויפ'ן לופט־באַלאָן צום הימעל פליהען,
דאָס ווילסטע שווייַגען זוכענדיג,
צום הימעל פליהען, פליהען,
בּיז ס'וועט די לופט אַנטרונען ווערען,
דער קלענסטער סימן פון דער ערד פערשווינדען,
בּיז ס'וועט זיין האַרץ אָהן אָטעם פּלאַצען,
און פאַלען, פאַלען, פאַלען וועט ער
אויף דער פעראַכטער ערד צוריק — — —

און ווייַטער — — — ווייַטער — — —



## יִצְחָק קַאצֶענֶעלְזָאהן. ===

# דִי זוּן! דִי זוּן!

דראַמאַטִישֶׁע פאָעֶמאַ
אִין I אַקט.

### פֶּערְזָאנֶען:

גאָלדֶע.

| | |
|---|---|
| שוואַרץ | ברִידֶער. |
| דוד | |

### די סצֶענֶע.

אַ צִימֶער בַּיֵ גאָלדֶען. אִין הִינטֶערגרוּנד אַ פֶענסטֶער צוּם גאַס- רֶעכטס אַ טִיר אִין קאָרידאָר, נֶעהֶנטֶער צוּם סצֶענֶע נֶעבֶען דעֶר וֶעלכֶער וואַנד – אַ קאַנאַפֶּע. לִינקס פוּן פֶענסטֶער – אַ בֶּעטִיל. נֶעבֶען בֶּעטִיל אִין ווִינקֶעל שטֶעהט אַ שוואַרץ-בֶּעצוֹיגֶען ווֶענטִיל, צוּזאַמֶענגֶערוּקט. גאַנץ פאָרִינט אַ טִישׁ. אוֹיפ'ן טִישׁ אַ בּרֶענֶענדִיג לֶעמפִּיל, עֶטלִיכֶע בִּיכֶער. נֶעבֶען טִישׁ עֶטלִיכֶע שטוּהלֶען. אוֹיף אֵיין אָנלֶעהנֶער פוּן אַ שטוּהל הֶענגט אַ ווּמֶערמאַנטֶעל. צווֵי בַּיֵנאַכט. דרוֹיסֶען אִיז ווִינדִיג אוּן ס'רֶעגֶענט.

שוואַרץ (אָנגֶעלֶעהנט אוֹיף דעֶר האַנד אָן פֶענסטֶער. קוּקט אַרוֹיס אִין דעֶר פִינסטֶערֶער גאַס).

גאָלדֶע (לִיגט אַנ'אָנגֶעטהאָנֶענֶע אִין פֶערבֶּעטֶען בֶּעט. דֶעם קאָפּ אִין קִישֶׁען. אִיבֶּער דִי אַקסלֶען אַ שטוּב-טִיכֶעל).

שוואַרץ (נִיט אָבקֶעהרֶענדִיג זִיךְ פוּן פֶענסטֶער). גאָלדֶע –

גאָלדֶע (רִיהרט זִיךְ נִיט).

(פּוֹיזֶע).

שוואַרץ (הויבט אָן מאָנאָטאָן קלאַפּען אין שויב).

גאָלדע (הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אַ ווײַלע אונצופֿריעדען אויף זײַן פּלייצע — בעט איהם) קלאַפּט ניט אין שויב... שוואַרץ! (גראָבט צוריק איין איהר קאָפּ אין קישען).

שוואַרץ (הערט אויף צוקלאַפּען). דער רעגען! דער רעגען! (פּויזע. ער נעהמט אַרויס דעם זייגער —) צוויי! (געהט צום שטוהל צו, נעהמט אַראָב דעם זומערמאַנטעל) מ'עט געהן...

גאָלדע (זעצט זיך אויף. רײַבט זיך לײַכט די אויגען). וויפֿיעל?

שוואַרץ. צוויי. (טהוט אָן דעם מאַנטעל).

גאָלדע (קוקט איהם אָן, שמייכעלט). ווײַסע, גרינע, געלע, רויטע, בלויע —

שוואַרץ. וואָס?

גאָלדע. אַזוינע רינגעלעך, קײַלעכדיגע, פֿאַרביגע... (רײַבט זיך נאָך אַביסעל די אויגען, שטעהט אויף) יעצט שוין וועניגער — וועניגער — — שוואַרץ!

שוואַרץ (שמייכעלט אומעטיג). קוים דערזעהן!... (טהוט אָן דעם קאַפּעליוש.)

גאָלדע. איהר געהט... (געהט צו צו איהר בעט, קלאַפּט אויף דאָס קישען, לעגט עס העכער).

שוואַרץ (ציהט פֿערטראַכט דעם קאַפּעליוש אויפ'ן קאָפּ).

גאָלדע. ווי איהר קוקט מיך אָן, אַזוי ליג איך שוין אונטער דער קאָלדרע!... וואָס קלעהרט איהר, שוואַרץ?

שוואַרץ. די ווינדען און די רעגענס (ציהט דעם הוט אויפ'ן קאָפּ).

גאָלדע (קוקט אַרויס אין פֿענסטער). דער רעגען! דער רעגען!... נאַכט און רעגען... (ווענדט זיך צו איהם פּלוצלונג) געהט — איך וויל שלאָפֿען!

שוואַרץ. מײַן שטעקען —

גאָלדע. אײַער שטעקען! (לויפֿט אין אַ ווינקעל, ברענגט דעם שטעקען, שטעקט'ן אין זײַן האַנד) נאַט אײַך און, געהט... געהט!

שוואַרץ (קושט איהר נערוועז די פֿינגער).

גאָלדע. געהט, געהט.... (וואַרפֿט זיך צום וועגטיל און פֿערציהט עס אַרום בעט. רײַבט די הענד) אוה... קאַלט געוואָרען מיר, פּלוצלונג...

שוואַרץ (געהט צו דער טיר צו, בלײַבט אַ ווײַלע שטעהן). גאָלדע —

גאָלדע (געהט צו איהם צו). וואָס?

שוואַרץ (ווײַזט אויפ'ן פֿענסטער). וואָס איז עס, גאָלדע?

גאָלדע (קוועטשט מיט די פּלייצעס). כ'ווייס, אסיען, שוואַרץ....

שוואַרץ (דערשראָקען אַביסעל). אסיען!

גאָלדע. נו?

שוואַרץ (קוקט זי לאַנג אָן, נעהמט איהר אָן פֿאַר די הענד). געהט שלאָפֿען. (לאָזט איהר ניט).

גאָלדע. איהר ווילט נאָך וואָס זאָגען?

שוואַרץ (פֿרעגענד).. איהר וועט באַלד אײַנשלאָפֿען?

גאָלדע. לאָזט, אַ ניט — געניץ איך אײַך אין פּנים — (ציהט אַרויס איהרע הענד פֿון זײַנע און געניצט אין זיי) האַ־אַ־אַ!

שוואַרץ (בעשטימט). איהר וועט באַלד אײַנשלאָפען!
גאָלדע. באַלד!
שוואַרץ (עפינט אויף די טיר, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ אין קאָרידאָר. טראַכט: אַרויסגעהן אָדער ניט).
גאָלדע (הילט זיך ענגער אַיין אין טיכעל, ציטערט לײַכט). די ווינדען, פערמאַכט די טיר, שוואַרץ!
שוואַרץ (פערמאַכט פאַרזיכטיג די טיר, פרעגט פלוצלונג). גאָלדע, איהר ריכט זיך מאָרגען אויף דער זון?
גאָלדע. איך האָב ניט געטראַכט דערפון.
שוואַרץ. מיר איז יעצט אײַנגעפאַלען פרעגען —
גאָלדע. אויב זי וועט אויפגעהן, וועלען זיך איהרע ערשטע גאָלד־שטראַהלען הענגען אויף מײַן שוואַרצען ווענטיל... איך מאַך אויף אין דער פריה די אויגען, זעה איך זיי הענגען.
שוואַרץ. אויף דאָס שוואַרצע ווענטיל?...
גאָלדע. אויף דאָס שוואַרצע ווענטיל —
שוואַרץ. די ערשטע גאָלד־שטראַהלען?
גאָלדע.. די ערשטע.
שוואַרץ. זאָל איך קומען און אָנזאָגען אײַך איהר אויפשטײַנען?
גאָלדע. איהר? קומט!...
שוואַרץ (אָב).

## צווייטע סצענע.

גאָלדע געהט צו צום פענסטער. קוקט זיך טיעף איין אין הימעל. הענגט אויף דאָס טיכעל אויפ'ן וועטיל. אויסטהוי־ענדיג זיך גערט זי אַרײַן אונטער'ן וועטיל, דערמאָנט זיך און קומט באַלד אַרויס, פערלעשט דעם לאָמפּ. ס'ווערט פינ־סטער. געהט אָב אונטער'ן וועטיל.

(פויזע. מ'הערט קלאַפּען אין טיר).

גאָלדע (פון אונטער'ן וועטיל). ווער קלאַפּט עס?
דוד (אונטער דער טיר). דוד.
גאָלדע (אונטער'ן וועטיל). דוד! וואַרט, איך טהו נאָר עפּעס אָן אויף זיך. (ציהט אַראָב פון יענער זײַט וועטיל דאָס טיכעל. קומט אַרויס. עפינט).
דוד (קומט אַרײַן אין דער פינסטער, בלײַבט שטעהן ווי אַ שולדיגער בײַ דער טיר). אָ... אָ...

גאָלדע (טאַפּט די שוועבעלעך בײַ'ם טיש מיט אַ בערוהיגענדען טאָן)... איך האָב נאָך ניט געשלאָפען...

דוד. איהר צינדט אָן דעם לאָמפּ?

גאָלדע. יאָ. וואָס שטעהט איהר בײַ דער טיר?

**דוד. אַזוי שפּעט... אַזוי שפּעט — איהר האָט מיר געעפענט!**

גאָלדע. נו... (דער לאָמפּ שײַנט אויף. זי בעקוקט איהם). וואו איז אײער קאַפּעליוש?

דוד. אַוועק האָט איהם פערטראָגען...

גאָלדע (שמייכעלט לײַכט)... גוט אַראָבציהען האָט איהר געדאַרפט אײער קאַ־פּעליוש, ווי אײער ברודער... איהר זענט אין גאַנצען נאַס... די קליידער און די האָר —

דוד. איך בין אונטער'ן רעגען געווען...

גאָלדע. איהר געהט ניט פון דער היים?

דוד. ניין. איך בין געשטאַנען געגענאיבער און, געוואַרט ביז דער ברודער וועט אַרויס —

גאָלדע. געגענאיבער?

דוד (שמייכעלט קוים).

גאָלדע. איהר האָט איהם געזעהן?

דוד.. ער מיך ניט.

גאָלדע. אײער ברודער קומט יעצט אַהיים און טרעפט אײך ניט — —

דוד. ער וועט ניט בעמערקען. איך האָב אַריבערגעצויגען די קאָלדרע איבער'ן קישען — וועט ער מיינען, איך ליג איינגעטרעט אונטער איהם.

גאָלדע (שמייכעלט). אויף אַזוי ווײַט בעמערקט ער ניט?

דוד. ער איז אַמאָל צוגעגאַנגען צו מײַן בעט וואו איך בין געשלאָפען, און, געטאַפּט אויף דער קאָלדרע. ס'האָט זיך איהם געדאַכט: איך בין ניטאָ... איך האָב מיך אויפגעהאַפּט און, אַרויסגערוקט דעם קאָפּ... פון דעמאָלט אָן געהט ער צו מײַן בעט ניט צו...

גאָלדע (לאַכט).... ס'איז אײך קאַלט, דוד?

דוד. אָ, ניין... איהר האָט מיר אויפגעעפענט!..

גאָלדע. איך האָב דערקענט אײער קלאַפּען.

דוד. אַז דער ברודער איז אַרויס, האָט נאָך דאָ געברענט דער לאָמפּ —

(פּויזע).

גאָלדע (קוקט איהם אַ ווײַלע אָן). דוד!...

דוד (בעט זיך). לאָזט מיך זײַן דאָ...

גאָלדע. דוד, דוד...

**דוד (בעטענדיג). לאָזט מיך זײַן דאָ... (צעווײנט זיך שטיל אויפ'ן קול).**

**גאָלדע (נעהמט'ן דעם קאָפּ, און פאַרשטיקט איהם דאָס ווײנען אויף איהר ברוסט).**

**דוד! דוד! (פּויזע) איהר בלײַבט בײַ מיר... איהר בלײַבט!...**

**דוד (נעהמט אָן פאָרזיכטיג איהרע הענד, הויבט אויף זײַן קאָפּ פון איהר ברוסט).**

איהר לעגט זיך שלאָפען... איך וועל שטעלען אַ שטוהל נעבען אַ וואַנד —

גאָלדע. צו וואָס?

דוד. נעבען אַ וואַנד — די ווענד זענען מיר דאָ ליעב...

גאָלדע. מיך שרעקען זיי, ווען איך בלייב צווישען זיי אַליין... איך וועל אַייך אויסבעטען —

דוד. איהר געהט שלאָפען — איך וועל מיך גאָר לעגען אויף דר'ערד, ביים ווענטיל...

(פויזע).

גאָלדע (קוקט איהם ליעב אָן). איהר שרייבט?

דוד. יאָ.

גאָלדע. אייער ברודער האָט מיר געזאָגט. לעזט מיר עפּעס פאָר — (זי זעצט זיך ביי'ם טיש).

דוד (זעצט זיך נעבען איהר, נעהמט אַרויס פון ברוסט־טאַש אַ העפט. מישט אויף).

גאָלדע (ווענדט זיך צו איהם פּלוצלונג). דער ווינד האָט אייך טאַקי דעם קאַפּעליוש פון קאָפּ אַראָבגעריסען?!

דוד (מאַכט זיך גלייך די האָר). יאָ...

גאָלדע. איהר האָט איהם גאָר ניט נאָכגעיאָגט?

דוד. איך האָב ניט געוואָלט פערלאָזען דעם אָרט —

גאָלדע. געגענאיבער פענסטער.

דוד (שמייכעלט).

גאָלדע. איהר האָט געזעהן וואָס?

דוד. יאָ...

גאָלדע (שטעהט אויף, געהט צו צום פענסטער, פערציהט די ווייסע פאָרהענגלעך. קעהרט צוריק צום טיש). וואָס האָט איהר געזעהן?

דוד. אייך האָב איך די גאַנצע צייט ניט בעמערקט. דער ברודער בלויז איז געשטאַנען אין פענסטער מיט אַ פערזאָרגטען פּנים.

גאָלדע. מיט אַ פערזאָרגטען פּנים?... מיך האָט איהר ניט געזעהן —

דוד. פאַר זיין אַוועקגעהן... איהר האָט איהם דערלאַנגט דעם שטעק'ל — — דער ברודער האָט אייך געקושט די הענד.

גאָלדע (קוקט איהם אָן). פאַרוואָס האָט איהר געוויינט, דוד?

דוד (קוקט אויף איהר אָפען און טרויעריג).

גאָלדע. פאַרוואָס האָט איהר געוויינט?

דוד (טרויעריג). איהר ווילט איך זאָל אַוועקגעהן?

גאָלדע. ניין, דוד... איהר וועט שלאָפען אויף דער סאָפע.

דוד. אויף דר'ערד, קאָן איך שלאָפען... ביי'ם ווענטיל...

גאָלדע (פיהרט מיט איהר האַנד איבער זיינע האָר). די האָר זענען אייך נאַס, דוד, רעגען־טראָפּען נעצען מיינע פינגער —

דוד (קוקט איהר ווייך אין געזיכט) —

גאָלדע. ווידער שטעהען אייך טרערען אין די אויגען... (גלעט איהם דעם קאָפּ) איהר ווייגט?

דוד (ווײנט שטיל אויפ'ן קול).

גאָלדע (דריקט'ן צו צו איהר ברוסט). דוד! דוד! (פּויזע) איהר וועט מיר עפּעס לײענען? (זי הויבּט אויף זײַן קאָפּ).

דוד (קוקט אַרײַן מיט איהר אין העפט —).

גאָלדע (וויל אַ פיהר טהון מיט אַ האַנד איבּער זײַן קאָפּ. דערמאָנט זיך און נעהמט שנעל אַוועק די האַנד, שמייכעלט). איך וואָלט אײך עפּעס זאָגען, האָבּ איך מורא, איהר וועט וויינען.

דוד. איהר ווילט מיר זאָגען: איך זאָל אַ היים געהן?

גאָלדע. ניט דאָס... ניט דאָס... (האַפּט זיך אויף פון שטוהל) לעגען אײך אַ קישען אויף דער סאָפע?

דוד (שטעהט אויף פון שטוהל). נײן... (זעצט זיך אין בעוועגט זיך צופרידען אויף דער סאָפע) אַ ווייכע סאָפע! מ'דאַרף קײן קישען ניט...

גאָלדע. וועט איהר שלאָפען! (זי דרעהט דעם לאָמפּ, לאָזט ברענען אַ דינעם פלאַם-ליכט) איהר זאָלט ניט מורא האָבען — אַ גוטע נאַכט! (אָבּ אונטער דעם ווענטיל).

דוד (ציהט זיך ונגעלש, פרעהליך אוים אויף דער קאַנאַפּע, דאָס פּנים אײנגע-גראָבען פאַר פערגעניגען. ליגט אַ ווײַלע, הויבּט זיך ווידער אויף, שטעלט זיך, געהט צו שטיל צום ווענטיל, קושט דעם שוואַרצען לײַוואַנד, שפּרייט אוים אויף דעם די הענד, רופט אוים שטיל). איך וועל מיך העגנען אויף דעם שוואַרצען ווענטיל... (פּויזע, אָבּ צוריק צו דער סאָפע, לעגט זיך מיט'ן פּנים אַרויף, די הענד אויפ'ן האַרצען און שלאָפט אײן).

## דריטע סצענע.

פון גאַס הערט זיך אַ לאַנגער וויטער פײַף פון אַ נאַכט-וועכ-טער. דער רעגען הערט אויף. עטליכע בלאַסע לבנה-שטראַה-לען קומען אַרײַן דורכ'ן פענסטער און לעגען זיך קרום אויף דוד'ס שלעפּערינגעם געזיכט.

דוד (די הענד פאַלען איהם אַראָבּ פון האַרצען. די לינקע אין דער זײַט פון ווענטיל, ווי ער וואָלט זי שטום פון דאָרט אַרויסרײַסען).

גאָלדע (שטעקט אַרוים איהר קאָפּ מיט בלאָנדע [illegible] לאָקען און קוקט אויף דוד'ן).

דוד (בעוועגט לײַכט מיט דער לינקער האַנד).

גאָלדע (בעווײַזט זיך אין גאַנצען, פערוויקעלט אין אַ בלענדענד-ווײַסען לאַקען)

דוד (רופט זי נעהנטער, מיט דער לינקער האַנד).

גאָלדע (קומט צו איהם לאַנגזאַם צו; בויגט זיך איהם אַריבער אויף דער ברוסט. דוד'ס הענד הויבען זיך לאַנגזאַם פון שלאָף, ווילען זי אַרומנעהמען, זי שטעלט זיך אָבער אויף; די הענד קומען איהם צוזאַמען, און פאַלען ווידער לאַנגזאַם אָב; גאָלדע בויגט זיך איהם ווידער אויף זײַן ברוסט. — אַזוי דרײַ מאָהל. דעם דריטען מאָהל אויפשטעלענדיג זיך, געהט זי הינטערן ווילעכטס אָב און פערשווינדט אונטער'ן ווענטיל).

דוד (נאָכדעם, ווי די הענד צעפאַלען איהם דאָס דריטע מאָהל, הויבט זיך זײַן ברוסט אָן העכער צו בעוועגען. די אויגען עפנען זיך איהם ברייט. ער זעצט זיך אויף מיט אַ וואונדער־פערמאַטערט פנים, קוקט מיט שמערין און בענקשאַפט צום ווענטיל).

(ס'קלאַפּט ווער אָן אין טיר. דוד הערט ניט דאָס קלאַפּען).

גאָלדע (הינטער'ן ווענטיל). ווער קלאַפּט?

שוואַרץ (אונטער דער טיר). איך, — שוואַרץ —

גאָלדע (בעווײַזט זיך מיט'ן טיכעל אויף די אַקסלען די האָר פערפלאָכטען ווי פריהער, רופט אויס מיט וואונדער צו דער גאַס־טיר). שוואַרץ!

דוד (זעהט זי ווי אין חלום, שטעהט אויף פון סאָפע).

גאָלדע (דערזעהט איהם, שטיל). דוד —

דוד (אין אַ געבעט). דאָ, נעבען ווענטיל וועל איך מיך לעגען —

גאָלדע (בעריהרט איהם מיט אַ האַנד אַנ'אַקסעל). גוט...

דוד. אויף דר'ערד —

גאָלדע (גלעט איהם וואַרים איבער'ן קאָפּ). גוט... גוט...

דוד (פערציטערט לײַכט אונטער איהר האַנד. בויגט אײַן דעם קאָפּ און פערדעקט די אויגען מיט די הענד).

שוואַרץ (קלאַפּט אין טיר). גאָלדע!

גאָלדע (האַפּט אַ ביסעל צעשראָקען, זײַן קאָפּ, און דריקט איהם צו איהר ברוסט). ווײַנט ניט יעצט... דוד! דוד! (פיהרט איהם אָב אונטער'ן ווענטיל. קומט באַלד אַרויס, געהט, עפענט־אויף די גאַס־טיר)...

## פיערטע סצענע.

שוואַרץ (קומט אַרײַן. האַלט אין האַנד אַ שוואַרצען קאַפּעליוש אויסגעשמירט אין בלאָטע. געהט עפּיס אָב פון טיר און בלײַבט שווײַגענדיג שטעהן).

גאָלדע (אײַנגעהילט אין טיכעל, ערוואַרט זײַן פראַגע).

שוואַרץ. ניטאָ איהם דאָ!

גאָלדע. ניטאָ... (פויזע).

שוואַרץ. איהר וואַרט אויף עפּיס — ?

גאָלדע. איך מײַן: איהר ווילט נאָך וואָס פרעגען...

שוואַרץ (שטילערער). ניטאָ איהם דאָ...

גאָלדע. וואָס האַלט איהר עס אין האַנד?

שוואַרץ. זיין שליאַפּע.

גאָלדע (רופט אויס). דוד'ס?!

שוואַרץ (קוקט איהר שאַרף אָן, לאַנגזאַם אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט). איך לאָז זי אייך דאָ, איבער... (גיט איהר די שליאַפּע אין האַנד).

גאָלדע (שמייכעלט, נעהמענדיג די שליאַפּע). ניטאָ דאָך איהם, דאָ!...

שוואַרץ. אַהאַ!... וואָס לאַכט איהר?

גאָלדע. איך לאַך?... (זי לעגט די שליאַפּע אויף אַ שטוהל).

שוואַרץ (שמייכעלט אַליין אויך). אָ, יאָ, גאָלדע... (גרייפּט איהר פאַר דער האַנד) איך לאַך אויך... מיר פּאַסט לאַכען?

גאָלדע (שמייכעלט). מיר פּאַסט? (זי נעהמט די שליאַפּע פון שטוהל, הענגט זי אויף, אויף דעם ווענטיל).

שוואַרץ. אייך פּאַסט! אייך פּאַסט! (בעמערקט דוד'ס העפט אויפ'ן טיש, גראַבט איין אין העפט אויף אַ מאָמענט זיין געזיכט, קעהרט זיך צוטומעלט אָב, בעגעגענט זיך מיט גאָלדען וואָס האָט זיך אין דער ווײַלע אָבגעקעהרט פון ווענטיל) אייך פּאַסט! — איהר האָט נאָך גאָר ניט געשלאָפען די נאַכט, גאָלדע?

גאָלדע. איהר אויך ניט?...

שוואַרץ. אויך ניט — (אַביסעל אין שרעק) גאָלדע, גאָלדע, וואָס מיינט איהר מיט דעם?

גאָלדע. ס'האָט אייך עפּעס געשטערט, ניט געלאָזען אייך איינשלאָפען?

שוואַרץ. עפּעס... (זעצט זיך אויף אַ שטוהל) אין דער פענסטער האָט מײַנע אַ פּוס פערטשעפּעט זיין שליאַפּע (ער קוקט אויף דער שליאַפּע).

גאָלדע. אין בלאָטע איז זי געלעגען... דער ווינד האָט עס איהם אַראָבגעריסען (פערגעסט זיך) און, געקוישט איהם די האָר פון קאָפּ —

שוואַרץ (נײַגיעריג). און דער רעגען האָט זיי דורכגענעצט?

גאָלדע (קוקט איהם פערוואונדערט אָן, מיט אַ צו-להכעיס). יאָ. דורכגענעצט!

שוואַרץ (נײַגיעריג). און דאָס פּנים, ווי?

גאָלדע (מיט עקשנות). בלאַס!

שוואַרץ (שטעהט אויף פון שטוהל, פערברעכט די הענד). בלאַס! בלאַס! בלאַס! — ווען ער איז בלאַס איז ער אַזוי שען און שטאַרק! —

גאָלדע (הויך). ער איז געווען דאָ —!

שוואַרץ (גרייפּט איהר פאַר די הענד, קוקט איהר פאַרשענד אין געזיכט). ער איז געווען — און אַוועק — אַוועק!... ער האָט געוויינט?

גאָלדע (פערטומעלט אַביסעל). און אַוועק —

שוואַרץ (מיט פריידע). אַ וועק! (ווײַזט מיט'ן האַנד אויפ'ן העפט) ער האָט אייך געלעזען?

גאָלדע. ניין.

שוואַרץ (מיט פריידע). ניין! (ציהט איהר פאַר אַ האַנד צום טיש). קומט, איך

וועל איך וויַזען דאָרט וואָס מיר געפֿעלט. (זיי זעצטען זיך בייַם טיש, שוואַרץ מישט די זייַטלעך, פֿערטראַכט. קוקט זיך פּלוצלונג אום).

גאָלדע. וואָס קוקט איהר זיך אום?

שוואַרץ (הויבט זיך אויף פֿון שטוהל). איך וועל גאָר אַראָבנעהמען די שליאַפּע און וועל זי אַהיים ברענגען.

גאָלדע. לאָזט שוין אָב...

שוואַרץ (שמייכעלט). צו וואָס האָט איהר זי אויפֿגעהאַנגען אויפ'ן ווענטיל? אויפ'ן שוואַרצען ווענטיל?

גאָלדע. וויַל, וויַל — די ערשטע שטראַהלען פֿון דער זון וואָס הענגען זיך יעדען מאָרגען אויפ'ן ווענטיל, זאָל'ן איהר אויסטריקענען.... איהר זעהט וויפֿיעל בלאָטע?...

שוואַרץ. איהר ריכט זיך אויף דער זון?

גאָלדע. איך ריכט זיך אויף דער זון!

שוואַרץ (קוקט זיך אום צום פֿענסטער. בעמערקט די פֿערצויגענע פֿאָרהאַנקעס). איהר האָט פֿערצויגען די פֿאָרהאַנקעס — נאָך מייַן אַוועקגעהן...

גאָלדע. מ'זאָל ניט זעהן —

שוואַרץ. אַ האַ!...

גאָלדע. ווען איך האָב אייך דערלאַנגט דעם שטעק'ל —

שוואַרץ (פֿערהאַפּט). פֿריהער האָב איך געקלאַפּט אין שויב —

גאָלדע. געקלאַפּט — איך האָב אייך געבעטען אויפֿהערען...

שוואַרץ. יע!... (קוקט איהר אָן פֿערוואונדערט... דערנאָך צום פֿענסטער). כ'האָב פֿערגעסען אייך אָנזאָגען: אויפ'ן וועג אַהער האָט זיך געלייַטערט דער הימעל און די לבנה האָט זיך געזעהן — (ער געהט לאַנגזאַם צו, צום פֿענסטער).

גאָלדע (זעצט זיך אויף דער סאָפֿע. בעזוועגט אונ'אַנגענעהם מיט אַנ'אַקסעל. פֿערלעגט די הענד אויפ'ן אָנלעהן און בעהאַלט צווישען דעם קאָפּ).

שוואַרץ (ציהט פֿונאַנדער לאַנגזאַם די פֿאָרהאַנקעס, קוקט אַרויס, דרעהט זיך דערנאָך אום מיט דער פּלייצע צום פֿענסטער, קוקט שטאַר אויף גאָלדען. האַלב-לויט). גאָלדע...

גאָלדע (ריהרט זיך ניט).

שוואַרץ (פֿערבייַסט מיט עקשנות די ליפּען, פֿאַררוקט אַ האַנד אונטער'ן פּלייצע און קלאַפּט אין שויב).

גאָלדע (ריהרט זיך ניט).

שוואַרץ (קלאַפּט שטאַרקער אין שויב). גאָלדע! צעברעכען די שויב?!

גאָלדע (הויבט אויף דעם קאָפּ מיט אַפּוּלען שמייכעל אויפ'ן געזיכט). וואָס איז מיט אייך הייַנט, שוואַרץ?

שוואַרץ (קוקט איהר שטאַר אָן). ווייַסע, גרינע, געלע, רויטע —

גאָלדע. איך האָב אָפֿען געהאַט די אויגען...

שוואַרץ. האָט איהר מיך באַלד דערזעהן...

גאָלדע. (נורעט זיך אין טיכעל). דערזעהן. אַ פֿערזאָרגט פּנים בייַ אייך, שוואַרץ.

שוואַרץ (מיט האַרץ). גאָלדע! גאָלדע!

גאָלדע (נורעט זיך אין טיכעל מיט אַלייכטען געניץ)... אַה—אַ!
שוואַרץ (ווייזט אויף די שוין־בלאַסע שויבען, פערצווייפעלט). וואָס איז עס?
גאָלדע. ס'ווייזט אויף אַ שענעם טאָג, שוואַרץ.
שוואַרץ (געהט צו איהר צו). גאָלדע, איך געה אַ היים, וועל איך דאָרט טרעפען מיין ברודער?
גאָלדע (ניט קלאָהר). געהט אַ היים.
שוואַרץ. איך געה — (ציהט אַראָב פערטראַכט אויפ'ן קאָפּ, דעם הוט).
גאָלדע. איהר האָט מורא פאַר אַ ווינד? ניטאָ איהם יעצט אין גאַס —
שוואַרץ. איך גלויב אייך ניט, — ס'איז הערבסט... בלעטער פאַלען פון בוימער אָב אָהן ווינדען, (שפּרייט אויס צו איהר די הענד). קומט צו מיר, גאָלדע! ער איז ניטאָ אין דער היים! ניטאָ איהם דאָרט... ניטאָ איהם דאָרט...
גאָלדע (נורעט זיך אין טיכעל). איך ריכט זיך אויף דער זון!
שוואַרץ (פאַלט אַביסעל צוריק). אויף דער זון!... (נעהמט אָן הינטערווייל עכטס די קלאַמקע). און וועט זי אויפגעהן — מיר ברענגט זי גאָר ניט... מיר ברענגט זי גאָר ניט (ער גיט פּלוצלונג אַ קוק אויף דעם ווענטיל און דערשרעקט זיך).
גאָלדע. וואָס האָט אייך יעצט דערשראָקען, שוואַרץ?
שוואַרץ (מונטערט זיך צו שמייכלען). דערזעהענדיג פּלוצלונג דעם הוט, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז דוד איז אונטער'ן ווענטיל.
גאָלדע. שוואַרץ! (קליינע פּויזע).
שוואַרץ. אַ היים געהן?
גאָלדע. מיך שלעפערט שוין ווידער...
שוואַרץ (פעסט). געהט שלאָפען... וועט זיין די זון — קום איך און זאָג אייך אָן —
גאָלדע. איהר וועט פערשפּעטיגען —
שוואַרץ. ניין. מיט'ן ערשטען שטראַהל!
גאָלדע (גלויבט ניט). נו?
שוואַרץ. מיט'ן ערשטען שטראַהל! (געהט צו איהר צו). גאָלדע —
גאָלדע (נורעט זיך אין טיכעל) אַ—אַ!
שוואַרץ. וואָס נורעט איהר זיך? (צענעהמט איהר די הענד). אַזוי! אָ!... (קושט איהר די הענד). נו?
גאָלדע. וואָס?
שוואַרץ (שמייכעלט שטום)... אַגוטע נאַכט... (אָב אין גאַס־טיר).

פינפטע סצענע.

גאָלדע (געהט נאָך שוואַרצען. הערט זיך איין ביי דער טיר, צו ער איז שוין אַוועקגעגאַנגען. רופט שטיל צום ווענטיל) דוד, דוד... (פון אונטער'ן

אונזער בעל־גוף — מען זאָל אונז הלילה אויסשעלטען מיט די קינדער, איז אויך נישט זיין דאגה.

אַבּרהמ׳עלע. מאַמע, מאַמע... וועמען?..

מינקע. וואָס?

אַבּרהמ׳עלע. שעלטען...

מינקע. נאַרעלע... נישט אונז מיינט מען... (טוליעט איהם צו זיך).

אַבּרהמ׳עלע (נעהמט דער מוטער אַרום פערבאָרגט דאָס קעפּעל אין איהר אָרעם).

נעכע (צו מייטען. מיט אַ ווינק אויף אַבּרהמ׳עלען). אַזאַ שוואַלב נעבעך...

מייטע. האָט מורא?

מינקע (פערבייסט מיט די ליפּען, טוליענדיג אַבּרהמ׳עלען). ניין... ניין... אַבּרהמ׳עלע איז אַ וואויל יונגעלע!..

(לאַנגע פּויזע).

(אַלע פערטראַכטען זיך. ס׳ווערט דונקעל).

אַבּרהמ׳עלע (הויבט לאַנגזאַם אויף דאָס קעפּעל, קוקט אויף מעריב־זייט פערטראַכט). מאַמע... מאַמע... דאָרטען שמייסט מען די רשעים מיט פייערדיגע ריטער?..

מינקע. יאָ, אַבּרהמ׳עלע... אַלע רשעים, וואָס ווילען יודען שלעכטס טהון.. (צו נעכע׳ן און מייטע׳ן מיט׳ן וואונק). „יאַקי אָן מאָנדרי״...

(פּויזע).

אַבּרהמ׳עלע. דער הימעל איז אַזוי רויט — אַזוי רויט — — מאַמע... און פאַר וואָס קומט ניט דער טאַטע זיין מיט אונז?..

מינקע. ער וועט קומען, אַבּרהמ׳ישי... ער וועט קומען... אויף שבת, מען זאָל עס דערלעבען...

אַבּרהמ׳עלע. אַז גאָט וועט מאַכען שבת מאָרגען — וועט ער קומען מאָרגען?..

מייטע. נאַריש קינד מיינס... (גלעט איהם צערטליך).

נעכע (מיט אַ גלעלעכטער׳ל). וואָס פרעגט ער, דער קלוגער זוהן, דיינער?.. (גיט איהם אַ קניפּ אין בעקעל).

מינקע. אַ קינד... אַ דאגה וואָס...

אַבּרהמ׳עלע (צו דער מוטער). און גאָט וועט אונזער שכן (ווייזט מיט׳ן הענטעל אויפ׳ן ערשטען הייזעל) אויך שטראָפען אויף יענער וועלט?..

מינקע. ניין אַבּרהמ׳ישי... ער וועט אַזוי פערפאַילט ווערען... מען וועט איהם גאָר נישט נעהמען צום משפט...

אַבּרהמ׳עלע (פערטראַכט). נאָכ׳ן טויט וועט מען איהם בעגראָבען אין אַ פינסטערע גרוב?..

מינקע. יאָ...

אַבּרהמ׳עלע... און ער וועט שוין נישט קענען אָנרייצען די הינד אויפ׳ן טאַטישי?...

מייטע ניין...

(פּויזע).

טיעף אין קישען און ניט געהערט ווי ער האט זי געבראכט...

גאלדע. ניט געהערט?...

דוד. ניין... ס'איז צו שטיל געווען; איך האב געמיינט אז איהר וועט אוועק צום ברודער —

גאלדע (פערוואונדערט). אין מיט'ן נאכט?

דוד. אין מיט'ן נאכט... אין רעגען... ער איז אליין דארט —

גאלדע. און אייך געלאזען דא?

דוד. מיר איז געניג געווען דאס קישען... ווארם איז עס נאך געווען... איך האב געשפירט דעם ריח פון אייערע בלאנדע האר...

גאלדע (לאזט אראב דעם קאפ).

דוד (געהט לאנגזאם צו, צו איהר, נעהמט איהר זאכט אן פאר די הענד, בעט איהר). הויבט אויף דעם קאפ...

גאלדע (הויבט'ן אויף).

דוד. איך געוועהן מיך אזוי שנעל צו אייערע אויגען... (קוקט איהר אין געזיכט). אזוינע גוטע, שטילע, אויגען ... כ'וואלט צו אייך נאה'נט ניט צוגעגאנגען, ווען ניט די אויגען — זיי רופען מיך ביי'ם נאמען —

גאלדע (שטיל). דוד —

דוד (קוקט איהר לאנג אין די אויגען). זיי רופען מיך ביי'ם נאמען...

גאלדע (שטיל). דוד... דוד...

דוד (אין א געבעט). נאר היינט וועל איך זיין ביי אייך... נאר היינט זאל'ן זיי מיך רופען... מארגען — קום איך נישמעהר, איך בלייב אין דער היים, אליין, און ווין פאר בענקשאפט....

גאלדע. מארגען וועט איהר ניט קומען?...

דוד. נאר היינט... נאר היינט...

גאלדע. קומט מארגען אויך!...

דוד. איהר הייסט מיר?

גאלדע (ווייזט). אויף דער קאנאפע וועט איהר שלאפען.

דוד. אויף דער קאנאפע? און אז איך וועל אייך רופען פון שלאף?

גאלדע. זאל איך קומען?

דוד. קומט, קומט... די האר צולאזט... אין ווייסען געהילט —

גאלדע. די האר צעלאזט?

דוד. ווי פריהער —

גאלדע. ווי פריהער?...

דוד (קוקט איהר אן ווי פון שלאף. גאנץ שטיל). ווי פריהער...

גאלדע (מיט שמערץ). איהר האט מיך און איך ווייס ניט, דוד...

דוד. איך האב אייך ניט בעריהרט, גאלדע... פון צווישען די הענד וועט איהר מיר פערשוואונדען...

גאלדע (נעהמט איהם מיט איין האנד ארום, גלעט איהם די האר). קומט מארגען אויך...

דוד. מיט'ן ברודער?

גאָלדע. נאָך איהם... אַז ער וועט אַוועק —
דוד. ער וועט זיצען שפּעט?
גאָלדע. ווער ווייס...
דוד. וואָס טוט ער בּיי אייך —?
גאָלדע. ער זיצט דאָ און, קלאַפּט פאַר אומעט אין שויב.
דוד. און קושט אייך די הענד...
גאָלדע. יאָ.
דוד. פאַר אומעט?
גאָלדע. ווער ווייס...
דוד (בּעטענדיג). האָט ליעב, גאָלדע, מיין בּרודער.
גאָלדע (שווייגט).
דוד. האָט איהם ליעב, האָט איהם ליעב.... מאָרגען אַז ער וועט קומען לאָזט איהם ניט אָב...
גאָלדע. וואָס זאָל איך איהם זאָגען?
דוד. „בּלייבּט! בּלייבּט בּיי מיר שוואַרץ!".
גאָלדע.. און איהר?
דוד. איך?... צו מיר קומט איהר אין שלאָף — גענוג פאַר מיר מיין חלום...
גאָלדע (בּויגט אַראָב דעם קאָפּ. וויינט איינגעהאַלטען, שטיל).
דוד (נעהמט איהר קאָפּ, דריקט איהר געזיכט זיך אויף דער בּרוסט. וויל פער־שטיקען איהר וויינען).. גאָלדע! גאָלדע! (בּלייבּען אַ מאָמענט שטעהן אין דער פּאָזע).
שוואַרץ (בּעוויזט זיך אונבּעמערקט אין די שויך גוט גרויע שויבּען, קוקט אַריין מיט אַ דערשלאָגענעם פּנים אין צימער. עטליכע גאָלד־שטראַהלען פער־בּליצען אויף זיין קאָפּ און פאַלען אַריין דורך די שויבּען אין צימער. ער קלאַפּט אין די שויבּען און שרייט). די זון! די זון!
גאָלדע און דוד (שפּרינגען אויף).

(פאָרהאַנג).



## דָוִד אֵײנְהָאָרְן.

# אוים די לִיטְווישֶׁע מָאטִיוֶוען.

עֶס וועט אונז פֶערוויגֶען דער רויש פון די שלאַנקע פֶערדרעמעלטע סאָסנעס,
אַ ווייסע בעריאָזקע דערצעהלען וועט אונז די לעגענדע פון וואלד...
און שטיל אויפ'ן גראָז דעם בעטהויטען מיט קלאָרע קריסטאָלענע פערעל
צווישען די שטאַמען וועט שוועבען איהר שלאַנקע פערהילטע געשטאַלט...

און ווייט, דאָרטען ווייט, פון דער טיעפקייט וואו ס'שטעהען געפלאָכטען די בוימער
וועט ציטעריג קומען צושווימען אַנ'עכאָ אַ שטילער אַליין...
אַזוי ווי אַ ליעד פון אַ מעדעל אַ בלאַסע וואָס בענקט נאָך איהר ליעבען
אַזוי ווי אַ ווייטער פערבלאָנזעטער קינדיש דערשראָקען געוויין...

און ביידע צוזאַמען דאָרט וועלען מיר זיצען אין שאָטענס און טרוימען...
פון איינזאַמע הייזלעך וואָס שטעהען פערבאָרגען אין טיעפקייט פון וואַלד,
פון פייערלעך קליינע וואָס שוועבען ביי נאַכט אויפ'ן מאָך אויפ'ן גראָהען,
פון שטערען וואָס ווערען פערבלאָנזעט אַהין פון דעם הימעל דעם בלאָהען...
די ווייסע בעראָזקע דערצעהלען וועט אונז זייער שטילע לעגענדע
און שטיל אויפ'ן גראָז דעם בעטהויטען וועט שוועבען איהר שלאַנקע געשטאַלט.

# אין דֶער פְרֶעמְד.

אַלץ איז מיר פרעמד, אַלץ איז מיר ווייט...
נישטאָ קיין אָרט, וואו בלייבען דאָ;
עס שיינט די זון, דער הימעל בלאָה, –
נאָר ביידע מיידען זיי מיך אויס...
אַלץ איז מיר פרעמד, אַלץ איז מיר ווייט.

די זון פערגעהט
און פלאַקערט שטיל אין מערב זייט...

איך שטעה און זעה, חי פֿײַן זי גליהט
און געהט אַװעק.
און פֿול מיט בײַנקשאַפֿט און מיט שרעק
צושפּרײט · איך מײַנע הענד צו איהר
און בעט זיך שטיל:
אַך נעהם מיך מיט,
דאָ איז מיר פֿרעמד און אַלעס װײַט.

פֿערגאַנגען איז די זון
און טיעף אין הימעל געהט אַ פֿאַרבען־שפּיעל . . .
עס בלאָזט אַ װינד און פֿליהט אַװעק.
און כ׳בעט איהם שטיל:
אַך נעהם מיך מיט, אַך נעהם מיך מיט.

געקומען איז די נאַכֿט.
עס ריהרט זיך ניט
קײַן אײנציג׳ס בלעטעל פֿון קײַן בוים;
דאָס טײַכֿעל מורמעלט נור געהײם
און שװימט אַװעק.
און כ׳בעט איהר שטיל: אַך נעהם מיך מיט,
דאָ איז מיר פֿרעמד און אַלעס װײַט.

* *
*

— געה װאָס װײַטער, געה װאָס װײַטער, אַך מײַן פֿרײַנד! נישט קעהר זיך אום׳עט
הינטען װעסטו זעהן נור חורבות, שטילע װאָהנונגען פֿון אומעט.
אומעטום איז זאַמד און דערנער, האַלבע װענד, צעשטערטע זײַלען,
פּוסטע טעמפּלען — סאָהעס־נעסטען, פֿון דעם בלאַסען מאָנד בעלויכֿטען —

— . . . אַלץ איז גאָרנישט, אַלץ איז גאָרנישט, אַלעס לעבט מען גיך אַריבער:
פֿאַר די גליקען פֿון דעם מאָרגען גראָבט דער עבֿר שװאַרצע גריבער.
און דער הײַנט, ער שאַפֿט מצבֿות, שטומע, קאַלטע, פֿון זכֿרונות,
די בית עלמינ׳ס פֿון דעם עבֿר, דעם פֿערװיסטען צו בעשײַנען . . .

— קלעהר נישט פֿרײַנד, דו קענסט נישט װיסען. װײַל בעהאַלטען איז די ענדע.
נעהם און שאַף זיך אין פֿאַנטאַזיע אַ פֿער׳כישופֿ׳טע לעגענדע.
מאָל איהר אויס דיר אויפֿ׳ן נעבעל, װאָס פֿערהילט דעם װײַטען מאָרגען
און פֿערברען אין פֿלאַם פֿון לעבען דער פֿערצװײפֿלונג׳ס שװאַרצע זאָרגען.

— טרייסט נישט פֿריינד מיט שֶענֶע טרוימֶען... שֶענֶע טרוימֶען שטאַרבֶען אויכ'עֶט...
שטאַרבֶען אָב, ווי גוטֶע רגע'ס, און ווי שֶענֶע שלאַנקֶע מֶעדלֶעךְ,
וואָס בֶּעהאַלטֶען אין די סאַמֶעט-קֶערפֶּער'ס אין די צאַרטֶע ברוסטֶען
די גֶעהֵיימנִיס פֿון דֶעם לֶעבֶּען מיט'ן ים פֿון זייַנֶע לוּסטֶען.

— צו וואָס טראַכסטו פֿריינד פֿון רגע'ס, ווֶען די אייבּיגקייט פֿאַר דיר ליגט...
קוּק נישט, קוּק נישט אויפֿ'ן עבר, אויף פֿערגאַנגֶענֶע מינוּטֶען...
אויב דו לֶעבּסט און פֿיהלסט דֶעם לֶעבֶּען, נֶעהם און וואַרף זיךְ אָהן גֶעדאַנקֶען
אין דֶעם ראָזֶען שֶענֶעם נֶעבֶּעל פֿון דֶעם קוּמֶענדיגֶען שפֶּעטֶער!
גֶעה וואָס ווייַטֶער, גֶעה וואָס ווייַטֶער! אפֿשר ווֶעסטו נאָךְ גֶעפֿינֶען
אַזאַ לאַנד, וואָס האָט קיין אָסיֶען, וואו עֶס פֿאַלֶען נישט קיין בּלֶעטֶער...



## משה זִילבּורג. ══════

## פֿון ציקל „מאָרגֶען-שרֶעק".

— — — לייַכטֶע נאַכט-פֿאַליֶעס, כשוּפֿדיג-בֶּעלויכטֶענֶע קוּמֶען אָן פֿון אַלֶע זייַטֶען: ש—ש—שאַ... ש—ש—שאַ...

— — — — „שלאָפֿט איין מייַנֶע עֶלֶענדֶע, בּענקֶענדֶע ווֶעלטֶען,
„שלאָפֿט איין מייַנֶע אָרמֶע, פֿערוּמֶערטֶע צֶעלטֶען
„עֶס וואַכט איבּער אַייךְ שטיל מייַן בּליק...
„זאָל ווערֶען דאָס לֶעבֶּען אַ טרוים אַ פֿערוויגטֶער,
„איין גריִנגֶע מחשבה, איין סוד אַ עֶנציקטֶער...
„פֿון נחת פֿון שטילֶען און גליק...

מיט אַ שטיל-עֶנציקטֶער בּעגייַסטֶערוּנג, בּרייט אויפֿגֶעפֶּענט די בּלויֶע אויגֶען האָט גֶעשפּיעלט דער צאַרטֶער נאַכט-גאָט אויף די זילבּערנֶע ציטֶערדיגֶע סטרוּנֶעס פֿון זיין האַרפֶּע, און די לוּפֿטיג-גריִנגֶע ווֶעלט האָט ווי אַ גוּטֶעס קינד איינגֶעדרימֶעלט, אַ גֶעפֿאַנגֶענֶע אין זייַדֶענֶע נֶעצֶען פֿון שֶענֶע און הייַטֶע הלומות...

אויסגֶעלייַטֶערט-הייליג איז אַלץ גֶעווֶען פֿון דֶעם פֿינקֶעל-שפּיעלֶענדֶען הימֶעל-בּרכה בּיז דער שֶעמֶעוודיג-בּליהֶענדֶער ערד. בּרייט-טיעף האָט פֿאַנאַנדערגֶעפֶּענט די

וועלט אידר הארץ... און אונשולדיג־ריין איז דאָרט, רוהיג ווי נאָך אַ תּפילה...
פון ערגיץ־וואו פּליסט אַ שטילע ענציקונג אין אַלע נשמות, און קיינער וויל ניט
קיין ווערטער... שאַ־שטיל זאָל זיין... ניט געריהרט מיט אַ גליעד... נור האַל־
בע טענער, נור נאַכט־רמזים... נור צויבער־סודות...

מיט צויבער־נעצען האָט זיך געשפּיעלט די נאַכט אין דעם פּעריטלאָפּענעם
געסעל...

אַרום די טרוימערישע היזלעך זענען געשטאַנען די בוימער שוואַכע, מאַטע,
און געצויגען זייערע צווייגען־הענד איינער צום צווייטען פון איבער פיעל הוית...
ציטריגע, גרינגע, ווי בלויע רינגען אונטער מיידעלשע אויגען זענען געלעגען אונטער
זיי די שאָטענס און קוים־קוים געפּאָכט...

אונטער אַ בוים זיצען צוויי מענשען...

מענשען?.. ס'דאַכט זיך ווי ביידען, אַז קיינמאָל זענען קיין מענשען
ניט געוועזען... זיי אַליין זענען ניט די, וואָס געוועזען און, ווי ווייסען ניט וואָס
זיי וועלען ווערען... ביידענס הערצער נור קלאַפּען רוהיג, דאַכט זיך, פון אייביג
און ביז אייביג... געוועזען איז אַמאָל עפּיס טומעלדיגעס און ליידענד־אונרוהיגעס...
אַזוי ווי געוועזען... איצט איז עס שוין ניטאָ און עס וועט ניט זיין...

פון איין זייט, אויפ'ן דונקעלען, פערטוליעטען האָריזאָנט שלאָפט אַ שיטערער
וועלדעל, זעהט־אויס, ווי אַנ'אַראָבגעלאָזטע ברעם...

פון דעם אַנדער זייט, ווייט, פאַר זייערע אויגען, אויפ'ן בלויען פאָן שטעהט
די גרויסע איינגעשלאָפענע שטאָדט. ווי ריזיגע, גרינגע לופט־שלעסער זעהען־
אויס אירע שטיינערנע מויערען; געדאַכט האָט זיך: זיי אַלע שטעהען אין דער
לופט און וויגען זיך שטיל אויף די פּאַליעס פון דער שטילקייט...

זיי זענען געקומען פון דאָרטען?.. ווער ווייסט?.. דער פער'ב'שופ'טער
געדאַנק זייערער האַפט ניט... אַריינגענומען האָט ווי די נאַכט אין צויבער־שפּיעל,
פערפלאָנטערט די נשמות זייערע אין זילבערנע שיין־נעצען... אויסגעפּראַלט האָ־
בען ביידענס הערצער און די גאַנצע וועלט האָט זיך אַריינגעטונקט אַהין ווי אין
אַ שטיל־שווימענדער טייך... דאַכט זיך, ביי זיי אין די הערצער וואַקסען עס די
פערטראַכטע סאַמעט־בוימער... ביי זיי שימערירען עס די שטערענדלעך... אָדער
באַלד וועלען זיי אַוועקשווימען גרינגע, דורכזיכטיגע ווי יענע שאָטענס, וואָס
בלאָנדזען אום אין דער לבנה־שיין איבער די פעלדער...

ביידע האָבען זיך מיט טיעפע אויגען פערקוקט אין גינגאָלדענעם הימעל...
זיי זענען קליינע, קליינינקע קינדער... די גרויסע וועלט איז זייער ווייט...
און זיי הלומ'ען ניט־קלאָרע חלומות וועגען עפּיס ווייטעס, וואָס קומט און שווימט
אַוועק... קומט און שווימט אַוועק...

אין שטייפער צוגערוקט זיך איינער צום צווייטען....

— — — — ערגיץ־וואו האָט עמיץ אַ ציטער געטון...

איבער זיי, פון שטאָדט־זייט, האָט ציטריג, איינזאַם זיך אָבגעריסען און אַרוים־
געשוואומען:

א—יי—נ—ס!..

אַזוי ווי געפּלאַצט האָט אַנ׳אָנגעצויגענע סטרונע פֿון דער וועלט־האַרפֿע... קוים מערקליך האָט אַ ציטער געטון דער שפּילער... נאָר, נאָך העלער איז געוואָרען זײַן עקסטאַז, נאָך אָפֿענער, ענציקטער זענען געוואָרען זײַנע בלויע אויגען...

גלײַך, אין איין סעקונדע האָבען זיך בײדענס הערצער עפּיס אונרוהיג אַריבער געטון... באַלד איז ווידער שטיל געוואָרען... נעהענטער האָט זי זיך צוגעטוליעט צו איהם. ער צו איהר.

— — — אויף אַ דין צווײַגעל האָט אַ פֿויגעלע אַנ׳עפֿען געטון דאָס אייגעל, האַרצליך אַ צוויטש געגעבען ווי ס׳וואָלט זאָגען: „גוט..." „גוט..." פֿערמאַכט צוריק דאָס אויגעל און אײַנגעדרימעלט אין זיסע חלומות...

זי האָט אַרויפֿגעלעגט איהר ווײַך הענטיל אויף זײַן מויל... ניין... ניין, זי וויל ניט קיין ווערטער... מ׳דאַרף זיי ניט... הייסער נור זאָל ער זי אַרומנעהמען... שאַרפֿער, טיעפֿער זאָל ווערען דאָס לעבען־געפֿיהל...

עס פֿליסט, עס גיסט זיך די שטילקייט פֿאַליעס אויף פֿאַליעס...

פֿון אַרויס די פֿערשלאָפֿענע הײַלעך וועהט זי... פֿון צווישען די צווײַגען־האַפֿטיגע בוימער... אַרויף און אַראָב קומט זי... אַרויף און אַראָב... מיט אַ געהיימען נאַכט־שאָרך: ש—ש—שאַ... ש—ש—שאַ...

— — — עס האָט זיך צוגאָסען דער מילך־וועג... ווי אַ ווײַסער שלעפּ־גירליאַנד אויף דער כלה... עמיץ פֿיהרט דאָרטען מאַיעסטעטיש זײַן געליעבטע צו דער חופּה... ס׳ברענען העל־יום־טובֿדיג, ווי אין אַ הייליגען מקדש, די שטערען־ליכט... עמיץ גיט עמיצען אַ ברכה...

— — — ער האָט איהר אַרײַנגעקוקט אין די אויגען — זי אין זײַנע — און אַראָבגעלאָזען די ציטריגע ברעמען...

לײַדענד־לאַנג, ברענענדיג־פֿלאַטערענדיג איז געוועזען דער קוש...

ערגיץ־וואו האָט עמיץ אַ ציטער געטון...

— — — איבער זיי, פֿון שטאָרט־ווײַט, האָט זיך ווידער אָבגעריסען... און ציטריג, אײַנזאַם אַרויסגעשוואומען:

## א—יי—נ—ם!.. צ־ וו—יי!..

אַזוי ווי געפּלאַצט האָבען צוויי סטרונעס פֿון דער וועלט־האַרפֿע... בלאַס איז געוואָרען דער שפּילער... און אָבגעשוואַכט, האַלב פֿערמאַכט די פֿערדונקעלטע אויגען, האָט ער מיט שוואַכע פֿינגער נאָך געצויגען זײַן שענעס ליעד...

דורכגעלאָפֿען איז אַ ציטער איבער בײדענס הערצער... אָבגערוקט זיך שטיל איינער פֿון צווייטען און, אַ ווײַלע, ניט געוואוסט ווי אויסצודריקען עס...

— עס טאָגט שוין!.. האָט זי מאַט, צושטרייט אַ זאָג געטאָן אין פּוסטען רוים...

— עס טאָגט שוין!..

בײדע שווײַגענדיגע, מאַכטלאָזע האָבען זיך צוגעהאָרכט מיט אַ קאַלטען שוידער צו דער אונרוהיגקײַט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אַרום זיי און אין זיי...

— — — דערמאָנט האָט זיך די וועלט אָן עפּיס טרויעריגעס... אָנגעקומען איז פֿון ערגיץ ניט קײַן פֿרעהליכע בשורה... ציטריגע אונרוהיגע וועלען, ווי

צושטרייטע געדאַנקען, האָבען זיך געטומען קלייבען אויפ'ן הימעל־שפּיגעל...

אַ גרויסע אונרוהיגקייט האָט זיך געטראָגען איבער דער וועלט... געטוליעט האָבען זיך צושראָקענע די גרעזלעך, די צווייגעלעך, די בלימעלעך איינס צום צווייטען, געשעפּטשעט און שטיל געבעטען זיך: „מיר געהען אויס... מיר געהען אויס... מיר שטאַרבען...“

אַ געהלש'טע, אַ בלאַסע, ווי דאָס געזיכט פון אַ געליעבטער, אַ מידע פון ליעבע און לאַסקע, האָט זיך אָהנמעכטיג אַראָבגעבויגען די לבנה...

עפּיס קומט צו זיי אַזוינס, פון וואָס דאָס האַרץ וויל ניט וויסען... וואָס עס ווילט זיך ביטער ניט צונעהמען... עס ווילט זיך ניט, אַז דאָס זאָל זיין... און פאַר זייערע אויגען, אין זיך, אַרום זיך וואַקסט עס אויס אַלץ קלערער און רוקט זיך טעמפּ־קאַלט: „עס וועט זיין“... עס מוז זיין“...

ביידע קוקען זיך איבער און אומעטיגע קעהרען זיך אום אין בעזונדערע זייטען...

— עס טאָגט!..

— עס טאָגט!..

איבער זיי, פון שטאָדט זייט, האָט זיך אָבגעריכען און ציטריג איינזאַם אַרויסגעשוואומען פון דער קאַלטער בלאַסקייט:

## א - יי—נ—ס!.. צ—וו—יי!.. ד-ר-יי!..

אַזוי ווי דריי סטרונעס איינע נאָך די צווייטע האָבען געפּלאַצט, אַ ציטער האָט געגעבען דער בעגייסטערטער שפּיעלער מיט זיין גאַנצען וועזען, אַראָבגעלאָזען זיינע צאַרטע פינגער... פערמאַכט די בלויע אויגען... און געשוואומען האָט זיין לעצטער אַקאָרד צווישען הימעל און ערד עלענד און ציטעריג...

— — — — עמיץ אַ טייערער, אַ ליעבער איז אויסגעגאַנגען מיט אַ שטילען זיפצ'ן... ביי עמיצען האָט זיך אָבגעשטעלט דער הייסער דופּק און דאָס פּנים האָט זיך בעצויגען מיט אַ טויט־בלאַסקייט...

— — — — — — — — — — — — — — —

— שוין ליכטיג!..

— שוין ליכטיג!..

עפּיס איז אָנגעקומען... קיינער ווייס ניט פון וואַנען... האַלב־אויפגעעפענט האָט די וועלט איהר ריזיג אויג, אונרוהיג, פערוואונדערט־פרעגענדיג: וואָס? וואָס?.. וואָס?..

אַ פרעמדער, אַ בלייכער, קריכט, בלאָנדזשעט לאַנגזאַם צווישען די בוימער, זוכט עפּיס מיט אָפענע שטאַרע בעלמען־אויגען און אַטעמט מיט קעלט...

קאַלט, איינזאַם, אָנגעטהאָן אין גרויען איז אַלץ אַרוים אויף דער וועלט... אָהן נשמה, גלייכגילטיג־שטאַר מיט בלאַסע אויסגעצויגענע געזיכטער האָט אַלץ אויסגעזעהען... אויפגעהויבען האָט זיך דער הימעל אַרויף, שטום קאַלט איז געלעגען די ערד... אַליין, האַרט־שווייגענדיג, איז געלעגען דער שטיין אין פעלד... און פרעמדע איינער צום צווייטען זענען געשטאַנען די בוימער, אויסגעצויגענע צום הימעל...

— — — — זי איז געשטאַנען פֿאַר איהם אַנ'אומעטיגע, אַ בלאַסע מיט גרויסע טרערען אין די אויגען...

— שוין צייט!..

— שוין צייט!..

זיי זענען געגאַנגען צוריק צום שטאָדט... אין אַלע ווינקעלעך האָט זיך אונרוהיג אָנגעהויבען ריהרען... בעוועגען זיך... און עפּיס געשראָקען דאָס האַרץ... מיט גרוי־ווייסע, האַרטע קאַרקען האָבען זיך טעמפּ גערוקט צו זיי די מויערען און פֿאַר די אויגען איז אַליין געוואַקסען עפּיס נאַריש־קאַלטעס, וואָס האָט גראָב פֿערשטעלט דעם אינטים־ציטריגען געדאַנק פֿון לעבען...

גלייך, זיי ענטקעגען איז אָנגעלאָפֿען אַ אונרוהיגער טרוקענער גערודער פֿון אַ וואָגען איבער'ן ברוק... עס האָט זיך בעוויזען איינער מיט אַ פֿערשמירט געזיכט און הילכיג־רייסענד געשראָקען די לופֿט:

— קיילען!.. קיילען!.. קיילען!..



## ב. לַאפִּין.

## די פַּאסְטוּשְׁקָע.

צו זעה איך דאָס בּילד פאַר די אויגען,
צו טרוימט זיך עס מיר נור אין שלאָף?
עס שטעהט בּיי אַ זילבּערן טייכעל
אַ מיידעל, טרינקט אָן איהרע שאָף...
אַ שמייכעלע הנ'עווט איהר פּנים,
עס בּלאָנדזען אום אויגען אַ פּאָר;
אַ ווינטעלע גלעט איהרע בּאַקען
צושיט אויפ'ן האַלדז איהרע האָהר...
אַ וועלעכעל קושט איהרע פיסלעך
די בּאָרוויסע, קושט יעדער גליעד;
עס גרייכט צו מיין אויער דאָס עכאָ,
וואָס קלינגט אָב אין לופט פון איהר ליעד...
עס רוימט מיר אַ סוד איין דאָס עכאָ —
דאָס האַרץ מיינע פראַלט אויף פאַר פריד:
„זאָלסט קומען צו מיר אינ'ם שטיבּעל
פאַרנאַכט, ווי די זון נור פערגעהט"...

## דער אָבענד-גלאָק.

גלין–גלאָן, גלין–גלאָן! עס רופט צו רוה
דער אָבענד-גלאָק די מידע וועלט,
עס דרעמעלט איין דאָס זילבּער טייך
און שטילער אָטעמט ב'גרינע פעלד...
גלין–גלאָן, גלין–גלאָן! עס טרינקט זיך שוין
אין פּורפּור פלאַם דער לעצטער שטראַהל,
עס שווימט אַרום אין קיהלער לופט
דער צאַרטער קלאַנג פון נאַכטיגאַל...
גלין–גלאָן, גלין–גלאָן! אַ מילדער ווינד
שוועבט אום אין וואַלד, פון בּוים צו בּוים.
ווינגט יעדען איין אין זיסען שלאָף,
טיילט יעדען איין צו גאָלד'נעם טרוים...
גלין–גלאָן, גלין–גלאָן! עס שלאָפט די וועלט...
נור גאָט אַליין, ער איינער וואַכט —
אַנ'עכאָ שווימט אין פעלד אַרום:
„אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט"...



**א. מ. וואַייסענבערג.**

# אין ערוואַרטונג.

## אַ דראַמע

### אין איין אַקט.

## פּערזאָנען:

נעכע
מיטע } פראָסטע ווײַבער.
מינקע
אברהם־מעלע – מינקעס אַ יונגעל פון אַ יאָהר 6.
אַ קריסטין – וועשין.
1־טער שכן } קריסטען.
2־טער שכן

אַ זומער־וואָהנונג אין וואַלד, אַ רויט געפאַרבט הויז מיט ווײַסע געמאָלטע טירען און פענסטער און צוויי וועראַנדעס בעפלאַכטען מיט בעז אונטער'ן שאָטען פון בוימער, וואָס שטעהען אַרום הויז. אַרום און אַרום – אַ פּלויט. איבער'ן פּלויט רעכטס פון צושויער – צוויי הײַזלעך מיט איינציגע וועראַנדעס און אָבגערוקט איינס פון דאָס אַנדערע אויף אַ צוואַנציג טריט. לינקס – אַ פאָרטקע אין וואַלד אַריין. אין דער איינענער זײַט אונטער דער סצענע – אַ שפּיץ דאַך פון אַ ווײַטערדיג הויז. אין מיטען גאָרטען – אַ ברונען און אַ הוישטאַווקע אויף שטריק צווישען די בוימער. אַ קישען ליגט אונטער דער הוישטאַווקע.

פאַרנאַכט. די זון געהט אונטער, פערזינקט אונטער'ן וואַלד נעגען דעם בלויז פון צווישען די צוויי שכנ'ישע הײַזלעך. די לופט, די שפּיצען בוימער און אַ האַלבער גאָרטען מיט דעם שפּיץ דאַך פון הויז און איין וועראַנדע מיט דער גאַנצער וואַנד הינטער איהר – איז פערגאָסען מיט אַ פורפורנער רויטקייט פון די לעצטע שטראַהלען. דער הימעל אויף מעריב זײַט ווערט וואָס אַ מאָל רויטער, פלאַמען צוגיסען זיך. דער וואַלד, דאַכט זיך, ברענט.

מיטע (זעצט זיך אויף דער ערשטער וועראַנדע מיט'ן פּנים צום זון־אונטערגאַנג. דאָס געזיכט רויט בעלויכטען. קוקט טריב אין וואַלד אַריין).

מינקע און נעכע (זיצען אויף דער צווייטער וועראַנדע געגענאיבער, האַרט

אײנע נעבען דער אַנדערער, אָנגעשפּאַרט די קעפּ אָן דעם אָנלעהן פֿון דער באַנק, — די געזיכטער בלאַס, אײנגעהילט אין שאָטען, שטאַרק אומעטיג.

אַבֿרהמ׳עלע (נעבען דער מוטער. מיט׳ן קעפּעל אָן איהר שוים אָנגעלעהנט).

מיטע. אַפּילו קאַפּ־העגנער קענען שוין אויך פֿערמיאוסט ווערען...

מינקע און נעכע (קוקען זי אָן).

מיטע. קעגען דעם... דער גוי קריכט שוין צופּיעל אין די לעבער אַריין...:

נעכע. דער שכן, דאָ?...

מיטע. דער!... (ווייזט מיט דער האַנד איבער׳ן ערשטען הייזעל, הרעהט איבער דעם קאָפּ). אָן ווײערע קעפּ זאָלען זיי דאָס דערלעבען וואָס זיי ווילען אָן אונז דערלעבען...

נעכע (שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ). דער אויבערשטער וואַרט אַזוי גוט דעם רשע ווי דעם צדיק...

מינקע (מיט אַ בלאַסען שמייכעל). דער איבערשטער וואַרט... ער וועט דאַכט זיך וואַרטען אַזוי לאַנג, ביז עס וועט איהם הלילה קיין אײנציג יודעלע ניט בלייבען...

מיטע. אונזער בעל־גוף אַליין וואָלט אַלע טאָג אַנדערע צעהן יודען אויסגעשאָכטען....

מינקע. אַ שענע וועלט... אַזאַ גוי זאָל קענען אונז אין די אויגען זאָגען: פֿאַר אײך יודעלעך, וואָס עס קומט אויף אײך, איז נאָך ווענינ... (פּויזע).

נעכע (צו מיטע׳ן). און וואָס האָסטו געמאַכט מיט איהם?...

מיטע. כ׳האָב איהם געמוזט געבען — — אויף מײן דאגה — — פֿריהער צו שפּעטער, בעצאָלען דאַרף מען דאָך... ·

נעכע. שוין דאָס גאַנצע דירה־געלד?

מיטע. דאָס גאַנצע. שוין ביז צום סוף — אַ גוי, אַ בעזער שלאַנג... לאָז מיר בעסער פֿערפֿעהלען, אײדער איך זאָל האָבען מיט איהם צו טון... דאָס גאַנצע געלד אויף אײן מאָל, האָט ער זיך אַײנגעשפּאַרט: ביי איהם איז היינט „קרושינעס". (פּויזע) פֿלאַשען, אַביסעל. בראָנפֿינים אַ ביסעל...

נעכע. וואָס רעדען — ביי זיי!..

מינקע. נו.... און מילך וואו וועסטו נעהמען?...

מיטע. ביי דעם שכן — נישט ביי איהם! איך האָב איהם געזאָגט: איך קען מיך מיט׳ן שכן נישט צוקריגען. ער קומט טייל מאָל ביי נאַכט אַ קוק טון, וואָס מיר מאַכען... ער איז אונז אַ גוטער פֿרײנד. — אַ ליאַדע־וואָס ביי נאַכט — איז ער שוין אין דרויסען...

מינקע. נו... ער האָט זיך ניט געוואָרפֿען, דער בעל־גוף, אַז דו האָסט איהם אָבגעזאָגט?...

נעכע. עס האָט׳ן געמוזט קרײנקען?..

מיטע (בעדענקענד). נו וואָס פֿאַר אַ ברירה האָב איך געהאַט?...

מינקע. אַודאי! מען קען זיך ניט צו קריגען מיט׳ן שכנ׳ס ווייב. כאָטש אײן שכן אַ גוטען פֿרײנד... ס׳אַנדערע, ער היט דאָך אונז טאַקי אָב... און

ווענטיל ענטפערט קיינער ניט. זי געהט לאַנגזאַם צו, ציהט אַוועק שטיל דאָס ווענטיל. דוד שטעהט קניענד אויף דר'ערד. דעם קאָפּ אין קישען און מיט די הענד אַרומגענומען. גאָלדע טרעט פּאַמעלעך צו. בעריהרט זיינע האָר) דוד...

דוד (הויבט לאַנגזאַם אויף זיין קאָפּ. בעטראַכט איהר ווי פון שלאָף און שטעהט אויף).

גאָלדע. רינגעלעך קיילעכדיגע, זעהט איהר?

דוד. איך זעה... רינגעלעך קיילעכדיגע...

גאָלדע. ווייסע, גרינע, רויטע, געלע?

דוד (קוקענדיג אויף איהר). ווייסע... גרינע... רויטע... געלע...

גאָלדע. און מיך?

דוד (נאָך אַ קורצען בעטראַכטען איהר, שוואַך, געצויגען). גאָל־דע — — ווי אַ קרוין; פון פיעל־פאַרביגע בריליאַנטען בעוועגט זיך אויף אייער קאָפּ; אַרום האַלז— קראַנצען, לעבעדיגע קרעלען...

גאָלדע. רייבט אויס די אויגען, דוד.

דוד (רייבט די אויגען, קוקט אויף איהר). גאָלדע!

גאָלדע. אָהן קרוין און, אָהן קרעלען?

דוד (פערוואונדערט). אָהן קרוין און, אָהן קרעלען!

גאָלדע. איהר האָט געשלאָפען?

דוד. ניין... איך האָב נאָר אַיינגעגראָבען דאָס פּנים אין קישען אויף וועלכען אייער קאָפּ ליגט —

גאָלדע. און — ?

דוד (בויגט אַראָב דעם קאָפּ. ווי ער וואָלט זיך מודה געווען). געקושט עס מיט די ליפּען. (קורצע פּויזע).

גאָלדע. הויבט אויף דעם קאָפּ.

דוד (הויבט אויף דעם קאָפּ).

גאָלדע (קוקט נאָך אויף איהם אַ ווייַלע, און בויגט אַליין אַראָב דעם קאָפּ). אייער ברודער איז געווען דאָ...

דוד. מיין ברודער?

גאָלדע (הויבט אויף דעם קאָפּ). ער האָט אייך געזוכט...

דוד (בויגט אַראָב דעם קאָפּ).

גאָלדע. הויבט אויף דעם קאָפּ.

דוד (הויבט איהם אויף).

גאָלדע. אָט אַזוי!... ער האָט געבראַכט, אייער שליאַפּע... (ווייזט מיט'ן האַנד אויפ'ן ווענטיל).

דוד (קעהרט זיך אום, דערזעהט זיין שליאַפּע. אַביסעל דערשראָקען). ער האָט זי געבראַכט אַהער?

גאָלדע. צו מיר... איך האָב איהר עקסטרע אויפגעהאַנגען דאָ, איהר זאָלט זעהן פון דער צווייטער זייט ווענטיל ווי זי זעהט אויס...

דוד. פון בלאָטע האָט ער עס אַרויסגעצויגען... איך האָב מיין קאָפּ געהאַלטען

ס'װערט דונקעל. שטיל. די נאַכט פאַלט צו. אויף דער װעראַנדע פון ערשטען שכנ'ישען הײַזעל קומט אַרויס אַ גוי, האַלב נאַקעט, און אין די בלויזע העמד-אַרבעל, איין עלטערער, מיט באַקען-בערד, אַ נאָל-גלאַטען קאָפּ, אין אַ פּאָר פּאַנטאָפּלעס; שלייכט זיך לײַכט, קוים בעמערקליך.

דער שכן (שלײַכט זיך אַראָב פון דער װעראַנדע אונטער דער װאַנד פון הײַזעל. רופט) ברונעק — נאַ! סיריק — נאַ! (עס דערהערט זיך דאָס װאָרטשען פון אַ הונד אונטער דער סצענע).

אַברהמ'עלע (הויבט אויף דאָס קעפּעל און קוקט נײַגעריג פון װאַנען דאָס קול קומט).

מינקע. שרעק זיך נישט נאַרעלע... (שפּאַרט איהם צוריק אָן דאָס קעפּעל אָן זיך. צו נעלכען) אַזאַ קינד נעבעך... טוליעט איהם צו זיך). װעה צו דער מאַמען... װי דאָס צאַפּעלט... אַזאַ פויגעלע...

אַ שיקסע מיט צולאָזטע האָר, אַ דיקע געזיכט, ברײַטע פולע ברוסטען און פער-שאַרצט די אַרבעל טראָגט דורך אַ גרויסע פיל אָנגעגאָסענע שיסעל. אַ װײַלע איז שטיל. באַלד הערט זיך אַ נעהלאָפּטשערײַ פון די הינד פון הינטער דער װעראַנדע. דער שכן קוקט זיך צו מיט פערגעניגען צו דער װעראַנדע, װאו די װײַבער זיצען און נעהט צוריק אַװעק אין שטוב עפּיס חאָרטשענדיג צו זיך. עס װערט שטילער; דאָס הלעפּטשען פון די הינד טיעפער — ס'װערט נאָך פינסטערער.

מיניטע. אויף אַזוינס האָב איך מיך נישט גערעכט — — אַזאַ זומער צו פער-ברענגען!..

מינקע. געגען װאָס מײנסט דו?

מיניטע. געגען דעם — װאָס האָט מיר גאָר געטױגט דאָס גאַנצע זומער-װאָהנונג... אַ מאַנספּערשוין נור אָנצוזעהען פון שבת צו שבת, און טײל מאָל דאָס אויך נישט...

מינקע. אַװדאי — װײַבער אַלײן... װאָס אומשטײנס געזאָגט, האָבען זײ פּאַר אַ בעטרעף!.. װאָס זענען זײ געאַכט...

געכע. ציטערן פאַר אַ ליאַדע שאָרך... פּאַר אַ גוי... פּאַר אַ הינטעל אַפילו!

מיניטע. די מאַנען אונזערע זענען דאָך אויך נישט קײן גרויסע בריות... פונדעסטװעגען איז מיט זײ שוין גאָר עפּיס אַנדערש — פּאָרט מאַנסלײַט... און שבת איז אַ סך פרײַער...

מינקע. און צו װאָס האָב איך נאָך געדאַרפט דאָס זומער-װאָהנונג?... מילא דו — — ביסטו כאָטש אַ גאַנצען װינטער קראַנק געװעזען, אָבער איך?..

מיניטע. אָבער איך?.. װעמען דערצעהלסטו מעשיות? — — עס קומט אויס אַז איבער מיר ביזטו אַרויסגעפּאָהרען, גלײַך דו װאָלסט עס גאָר נישט געדאַרפט... — — האָסט נאָך װעניג צו טון געהאַט מיט רפואות? און זאָגסט גאָר קײן מאָל נישט: „דאָס האַרץ"... האַ? — —

מינקע. עט... אַז מ'װיל, איז עס אַ נאַרישקײט... איז נישט כדאי איבער דעם

צו זיצען שטאַק אַליין, און איבערצוטראַכטען וועגען די אַלע מעשיות, וואָס היינט טוט זיך אָב?...

נעכע. וואָס טויג אונז שוין די רייד?.. די מאַנען האָבען גלאַט געשיינט פון גליק... וואָס זיי קענען אונז אַרויסשיקען אויף אַ זומער וואָהנונג — צום סוף האָבען מיר נאָך צו רעדען...

מינקע. אַלץ וואָלט שוין נשקשה געווען... נור די נאַכט... די נאַכט!..

נעכע (צו מינקען). דאָס ביזט דו די נאַכט אַראָבגעגאַנגען צו דער טיר זיך איינהערען?..

מינקע (שווייגט, לאָזט אַראָב דעם קאָפּ).

מיטע. וואָס איז דען דאָ מורא צו האָבען? די פּיס זאָלען זיי פריהער צו־ברעכען, די כוליגאַנעס, איידער זיי וועלען אַהער טרעפען!...

מינקע. מילא... מען פערלאָזט זיך טאַקי אויף גאָט... אָבער אַ קודם... מען איז דאָך נור אַ מענש... איך מיין, מען איז דאָך אומעטום ביי גאָט אין די הענד .

מיטע. און וואו אַ שטיינער קען מען היינט זיכער זיין?.. אָט זענען מיר ענטלאָ־פען פון שטאָדט הערוים... און אַ שטיק דעריבער טאַקי... וואָס קען שוין זיין גוט, אַז מיר אין די אויגען פאַלט אַ מענש געשאָסען אויף דער גאַס. די אויגען זאָלען אַזוינס ניט זעהען, רבונו של עולם, ווי דער מענש האָט זיך געראַנגעלט, ליגענדיג אין זיין אייגען בלוט — — און מיט'ן קאָפּ האָט ער נאָך געדרעהט פאַר גרויס יסורים... (מיט פערשטיקטע טרעהרען) און דאָס אומגליק יאָגט אומעטום נאָך... שטעהט אומעטום הינטער די פּלייצעס...

(פּויזע).

נעכע. (פערטראַכט. אַרומקוקענדיג זיך). די נאַכט פאַלט צו... דער טאָג ווערט קלענער...

מינקע. יאָ... קלענער... (קוקט זיך איין אין אַבּרהמ'על'עס געזיכט) אַ בלאַס קינד נעבעך... אויף דעם שוים איז ער מיר איינגעשלאָפען...

נעכע (ווייזט מיט אַ פינגער) שאַ... וועק איהם נישט...

(לאַנגע פּויזע).

אַ שטילקייט. וואָס אַ מאָל קוקט זיך אַנ'אַנדערע אום צווישען די בוימער, און הערט זיך איין צום שאָרכען פון די בלעטלעך.

מיטע. מען וואָלט שוין אפשר געדאַרפט אָנצינדען פייער?...

מינקע. איך געה באַלד אַריין, לעגען דאָס קינד שלאָפען, וועל איך אָנצינדען.

מיטע (שטעהט־אויף). איך געה שוין... וועל איך אין איין וועגס אַ קוק טון צו מיין אוצר אויך... פון אַ שטיק פאַרנאַכט אָן שלאָפט עס נעבעך...

מינקע. געהסט?.. גיב זשע דאָרט אַ בליק צו מיינעם אויך...

מיטע. גוט... (געהט אָב פון איהר ווערענדע דורך דער טיר אין שטוב אַריין).

מינקע (צו נעכען). און ס'איז דען נישט ריכטיג ווי גאָלד מיינסט דו?..

נעכע. וואָס?

מינקע. אָט דאָס װאָס זי דערצעהלט דאָ... װיפיעל מאָל דעם װינטער איך פלעג אַרױסגעהן פון שטוב און טראַכטען פלעג איך: װער װײסט צו װעל איך זי נאָך אָנקוקען... אַז איך בין שױן געשטאַנען בײַ דער טיר מיט דער פאַטשײלע אױפ'ן קאָפּ פלעג איך מיר נאָך צעהן מאָל אומקוקען אױפ'ן ביסעל אָרעמקײַט, אױף די קינדער... קײנער װײסט נישט, װאָס הינטער די פלײצעס געהט איהם נאָך... אַ טאָמער הלילה... כאַפּט מען מיך פון דער גאַס אַראָב אין װעלכען שפיטאָל אַרײַן — — פלעג איך מיר טײל מאָל אַזױ אין די מחשבות אָבזעגענען מיט דער שטוב... דערמאָן זיך נור דעם װינטער, װען מען האָט זיך געדיכט אױף אַ פּאָגראָם. אַ גאַנצע נאַכט בין איך אָבגעזעסען בײַם פענסטער און אַרױסגעקוקט... ער, דער מאַן, איז מיעד. די קינדער — דעסגלײַכען. אַלע שלאָפען. אין גאַס איז אַזױ פינסטער, הושך. מען זעהט קײַן לעבעדיגען הונד נית אָן. אַ מיאוסע נאַכט געװען. דער רעגען האָט נישט אױפגעהערט צו קלאַפּען אין די שױבען אַרײַן, נאָר װאָס אין עק גאַס האָט געבלישצעט אַלאַמטער'ן, אײנע אַנ'איבערגעבליבענע פון אַלע אױסגעהאַקטע... האָב איך נאָר געקוקט אױף דעם פײַער'ל... דער װינד האָט עס געלאָשען. און איך האָב געציטערט מיט דער נשמה: אָט קומען אָן כוליגאַנעס, אָט לעשען זײ אױס די לאַמטער'ן, כדי עס זאָל נאָך פינסטערער זײַן, מען זאָל אַפילו נישט זעהען װאו צו ענטלױפען... קײַן מאַמע אין דער װעלט היט שױן נישט אַזױ די נשמה פון איהר קינד, װאָס האַלט איהר בײַם אױסגעהן אױף די הענד, װי איך האָב דאָס פײַער'ל געהיט... — — ערשט שפּעט גאָר שפּעט... דורך דער װאַנד פון שכן האָט שױן דער זײגער געשלאָגען פיער, האָב איך מיר ערשט צוגעשפּאַרט אין אָנטהון...

אין שטוב װערט דערװײַל רױט-ליכטיג פון אַנ'אָנגעצונדענעם הענג-לאָמפּ, װאָס הענגט געגען-איבער דער אָפענער טיר פון דער װעראַנדע. אַ פּאַס ליכטיגקײַט פאַלט דורך דער אָפענער טיר און צולײגט זיך טיעף אין גאָרטען אַרײַן.

שטיל.

מײטע (בעװײַזט זיך אױף דער שװעל, װאו מינקע און נעכע זיצען, בעמערקט דעם הימעל). װאָס פאַר אײן אױסגעשטערנטקײַט הײַנט איז!..

מינקע. יאָ אַ שענע נאַכט... (פױזע). מײטע — — האָסט דאָרט געקערט אין אײנװעגס אַ בליק טון, צו מײַנע װי זי שלאָפט...

מײטע. נישט קשה, דאַרפסט מיך נישט לערנען. איך האָב זי איבערגעלעגט צו מײַן קינד אין בעטעל. זי איז געלעגען אַזױ אין עק... (שמײכלענדיג) אײן הרעה הלילה, קײַקעלט זי זיך אַראָב װי אַ באָרעלקעלע...

מינקע. און אַברהמ'עלען מוז מען אױך געהן לעגען שלאָפען. אַ גאָלדען קינד... װעה צו דער מאַמען... װי ס'איז נעבעך אײַנגעשלאָפען... (געהט לאַנגזאַם מיט'ן קינד אױף זיך אין שטוב אַרײַן).

מײטע (פערנעהמט איהר אָרט, קוקט זיך אַרום איבער'ן גאָרטען. כמעט צו זיך אַלײן). אַ מין שטיל-שװײַגען ס'איז עס אין דער הײַנטיגער נאַכט!...

נעכע (קוקט זיך אויף אַרום) בײַ די שכנים איז אַפֿילו קײַן פֿײַער ניט אָנגעצונדען...

מיטע. פּטור... אַגוי האָט ליעב צו זיצען אין דער פֿינסטער...

נעכע. יאָ... זיי האָבען זיך נישט וואָס צו שרעקען... פֿאַר קיינעם...——

מיטע... (בלײַבט אָבגעהאַקט. צווישען די בוימער האָט עפּיס אַ שאָרך געטון).

מיטע (געשפּאַנט די בליקען צו דער פֿאָרטקע). וואָס?... האַ?!..

נעכע (אויך מיט אײַנגעטיפֿטע בליקען צו דער פֿאָרטקע). וואָס אי?..

מיטע (שטיל). עפּיס רודערט דאָרט דאַכט...

ביידע הערען זיך אײַן, מיט אײַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם קוקענדיג צו דער פֿאָרטקע. אונטער'ן פּלויט שלייכט זיך אין דער פֿינסטער אַ פֿיגור פֿון אַ מענש, דרעהט זיך און גריבעלט עפּיס בײַן טירעל. דאָס טירעל עפֿענט זיך און די פֿיגור שלײַכט זיך אַרײַן אין גאָרטען לאַנגזאַם, קומענדיג צו דער וועראַנדע.

נעכע (איבערראַשט). „כטאָ טאַם?!“

מיטע (שפּרינגט אויף).

די פֿיגור (שלײַכענדיג). „דאָברי וועטשור!“... (בלײַבט שטעהן פֿאַר דער וועראַנדע. אַיין אַלטע, אײַנגעבויגענע מיט אַ דעקע אויפ'ן קאָפּ. אויסגעשטעלטע שטילע אויגען).

מיטע און נעכע. די וועשין!.. די וועשין!..

נעכע (לאָזט זיך צוריק אַראָב אויף דעם באַנק. אַטעמט אָב. צו זיך אַליין). צו איהר קאָפּ, צו איהרע הענד און פֿיס...

מיטע. זיץ „פּאַניע“... (מאַכט איהר אַיין אָרט נעבען זיך).

וועשין. דאַנק... דאַנק... (מיט אַ געלעכטער'ל) די „פּאַניע“, זעה איך האָט זיך דערשראָקען?...

מיטע. דערשראָקען?.. וואָס עפּיס דערשראָקען?...

נעכע. פֿון וואַנען „פּאַני“ קומסט דו אַזוי שפּעט?...

וועשין (אַרויפֿקריכענדיג אויף דער וועראַנדע). האָ. האָ... איהר ווייסט גאָר נישט, „פּאַניע“ (זעצט זיך) אונזער „שינשיאַד“, דער „גאָספּאָדאַרזש“ אײַערער, האָט דאָך היינט געמאַכט „כשטשינעס“ האָב איך מיר דאָ צוגעקוקט אַ ביסעל דורכ'ן פֿענסטער... אַ שען ביסעל „פּיאַקעס“ האָט ער זיך דאָס פֿערבעטען... ס'גאַנצע דאָרף גנבים... (פּויזע) טאַק, טאַק... מאָי זלאָטשי“... בײַ אַלע זענען שוין די פּנים'ער אָנגעצונדען פֿון טרינקען... מען צולייגט אַזש די פּאָדלאָגע — אַזוי האָפּעט מען!..

מינקע (בעווײַזט זיך אויף דער שוועל, קוקט זיך שטיל אַיין) ווער איז עס... די וועשין?..

מיטע. די וועשין.

מינקע. עס האָט זיך מיר געדאַכט, עפּיס אַזאַ אונבעקאַנטעס קול...

(פּויזע).

מיטע (צו דער וועשין). אַזוי פֿיעל האָט מען אָנגעגרייט?..

װעשין. נישט פֿון קײן ערלעכקײט, מאַיאַ זלאַטאָ... (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).
מינקע. און פֿאַרװאָס, „פּאַניע", ביסט דו נישט דאָרט?...
װעשין. איך?... עט — — װאָס האָב איך נאָך דאָרט?... מען װערט נאָך נישט רײך מיט אַ גלעזעל בראָנפֿען, צו מיט אַ שטיק שטריק!... נישט אמת, „פּאַניע"?...
מיטע (שאָקעלט איהר צו) אמת...
װעשין. איך װעל אײך זאָגען. „מאַיאַ זלאַטאָ"... איך האָב מיך ליעבער בעסער מיט יודען גוט צו פֿערהאַלטען, װי מיט אונזערע... װאָס זענען מיר אונזערע? װײסען זיך נור אַלײן גוט אָנצופּרעסען, אָנצוטרינקען... און מעהר נישט!...
נעכע (צו מינקען אויף יודיש). זי װעט מיר שױן הײנט דאָ אָנהאַקען אַ קאָפּ — — נו, נו...
מיטע. װאָס אַרט דיך... גוט, ס׳איז אַביסעל הימליכער...
װעשין (קוקט אין די אויגען אַרײן).
מיטע. איך זאָג „פּאַניע" אַז דו ביסט דאָ, איז אונז אַביסעל הימליכער...
װעשין. „נאַטוראַלניע"!.. (פּויזע). איך האָב גאָר פֿערגעסען צו דערצעהלען... װאָס מענשען דערצעהלען זיך אָן פֿון ביאַליסטאָק!..
מינקע און נעכע. װאָס? װאָס?
װעשין. װאָס, פֿרעגט איהר נאָך?.. (שאָקעלט בעדויערענד מיט׳ן קאָפּ). נישט נור די חוליגאַנעס אַלײן האָבען דאָך געהרג׳עט די יודען... דאָס „װאָיסקאָ" האָט דאָך אויך צוגעהאָלפֿען... (פּויזע. צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ) „טאַק, טאַק, מאָי זלאָטשי"...
מינקע (אַראָבגעהענדיג פֿון דער שװעל נעהענטער צו דער װעשין). גלויב נישט „פּאַניע", װאָס מענשען באַטשקען דאָרט... דער קיסר װיל ניט מען זאָל שלאָגען יודען... װאָרען די אַלע װאָס שלאָגען די יודען קוקען שױן דער נאָך די ליכטיגע שײן נישט אָן.... װערען פֿערשיקט אויף אײביג...
װעשין. עט „פּאַניע",— — װאָס דו רעדסט דאָרט... די װעלנער אַלײן, מיט די ביקסען, מיט די שטיקעס, האָבען דער׳הרג׳עט!..
מיטע (טוט אַ מאַך מיט דער האַנד צו מינקען). לאָז שױן געמאַך... טענה שױן בעסער נישט אײן... (מאַכט איהר אײן אָרט נעבען זיך) זעץ דיך, מינקע...
מינקע (זעצט זיך. אַ דריקענד שװײַגען).
װעשין. איהר װײסט מאַיאַ זלאָטשי... מען האָט דאָך אונז אויך געגעבען „פּאָזװאָלענסטװאָ"...
אַלע (האַפּען זיך אויף). װאָס געגעבען?...
װעשין. פּאָליציי האָט אונז געגעבען „פּאָזװאָלענסטװאָ" אויף זעקס שעה...
מינקע. װעמען?— — די היגע גוים?!
װעשין. די היגע... די היגע... דאָס גאַנצע דאָרף!
מינקע (פֿערװאַרפֿט דעם קאָפּ צום אָנלעהן. פֿערשטעלט דאָס פּנים מיט די הענד).

מ׳ית׳ע און נעכע (קוקען זיך אָן ווי צומישט. צו דער וועשין). און וואָס זאָגען זיי?.. די היגע, וואָס זאָגען?...

(פויזע).

וועשין. מען זאָגט דאָך אָבער, אַז מען האָט געפונען אונזער׳ן אַגע׳הרג׳טען, וואָס די יודען האָבען איהם דער׳הרג׳עט אונטער דער סטאַנציע...

מ׳ית׳ע און נעכע. וואָס? וואָס?

מינקע. מיר, יודען וועלען איין „אַייער׳ן" הרגה׳נען?...

וועשין. איך ווייס... אונזערע זאָגען...

מינקע. אָבער דו „פאַניע" זעהסט דאָך... קומסט דאָך צווישען יודען... וועמען טוען זיי פאַר אַ שלעכטס?...

וועשין. „פּראַוודאַ"... איך זאָג זיי דאָך, די פויערים...

(פויזע).

מינקע (צו נעכען, און צו מייטע׳ן, אויף יודיש). אָט אַזוי זעהט איהר, בעגראָבט מען ס׳ביסעל יודעלעך...

נעכע און מ׳ית׳ע. אַגאָטס שטראָף, אַגאָטס שטראָף איז אויף אונז אויס־געגאָסען, מעהר ווי אויף דער גאַנצער וועלט...

וועשין (שטעלט זיך אויף. ציהט אַראָב דאָס פּאַרטוך, מאַכט זיך גלייך צום אַוועקגעהן. צו מינקען) איך האָב דיך געוואָלט עפּיס בעטען „פאַניע"... צו דער וועש וואָס איך האַלט אין מיט׳ן אויסרייבען, פעהלט נאָך צו זייף מיט זאָדע — זאָלסט מיר געבען עפּיס געלד „פאַניע" וואָלט איך שוין אַליין צוגעקויפט...

מינקע. פאַר וויפיעל פעהלט נאָך צו?..

וועשין. פאַר אַגילדען אין גאַנצען...

מינקע (נעהמט אַרויס פון קעשענע קליין געלד, בייגט זיך אָן צו דער שיין, וואָס שלאָגט אַרויס דורך דער אָפענער טיר, ציילט און דער לאַנגט דער וועשין).

וועשין (נעהמט) „טאַק"... (קוקט זיך נאָך אַרום. בליקט אין שטוב אַריין) ביי אייך איז דאָך פאַרהאַן אַזייגער?.. (שלייכט זיך אַריין אין שטוב, קומט באַלד צוריק) „טאַק"... צייט שלאָפען... (צו אַלע) אַגוטע נאַכט, אַגו־טע נאַכט! (קריכט אַראָב פון דער ווערענדע, צוהאַלטענדיג זיך ביי דער זייל. פערזינקט לאַנגזאַם אין דער פינסטערניש...)

מינקע. אָט האָבען מיר געהאַט אַצושמעלץ צו די צרות. מעגען מיר שוין מאַ־כען דאָס פּעקעל אין שטאָדט אַריין...

מ׳ית׳ע. און אין שטאָדט ביזטו זיכער?..

מינקע. שטאַרבט מען כאָטש צווישען אייגענע.

נעכע און מ׳ית׳ע (זיפצען אָב).

(פויזע).

נעכע (ערוואַכט). וואָס האָט זי געוואָלט די גויה?...

מינקע. (אומעטיג). איך ווייס!... אויף זאָדע האָט זי געדאַרפט...

נעכע. איז זי עקסטרא ביי נאכט געקומען? און וואס איז זי געקראכען אין שטוב אריין?...
מינקע. אקוק טון אויפ'ן זייגער.
נעכע. און איהרע זין זענען די ערשטע גנבים, די ערשטע מעסער־שטעכער...
מייטע. טאקי, די ערשטע גנבים.
מינקע. נו, וואס ארט דאס ווערמען?..
נעכע. גאר נישט... נור צו וואס האט מען זי געדארפט אין שטוב אריין, אז זי זאל אויסקוקען יעדעס ווינקעלע?..

(פויזע).

אלע דריי האפען זיך פלוצלונג אויף. א וייל ליכטיגקייט דרינגט אריין אין גארטען פון אונטער'ן הויז אפער. עס הערען זיך שכור'ע קולות פון דארט מיט א געזאנג: "אוי—דא—נא, אוי—דא—נא!..."

מינקע (מיט אויסגעשטעלטע אויגען. שטיל). וואס קען דאס זיין?..
מייטע און נעכע. גאר נישט!.. גאר נישט!..
מינקע. איהר הערט נישט... (וויל אויפשטעהן).
מייטע. געה נישט... דאס זענען דאך די געסט... אנגע'שכר'ט...
מינקע. אבער וואו קענען זיי געהן?..
נעכע (וויל אויך אויפשטעהן).
מינקע (שטיל). געה נישט... געה נישט...
מייטע. ווייסט איהר וואס... איך וועל אליין צוגעהן... (געהט צו צום פלויט קוקט אדורך).
מינקע (נאך איהר). נו?..
נעכע. נו?..
מינקע (ענטקעגען זיי). גאר נישט... גאר נישט... ס'איז ניט גאר נישט... שכור מוז זיין, זענען זיי ארויס פאר דער טיר מיט די לאמפען...
מייטע. אזוי ליכטיג... (בייגט צו דעם קאפ צו די שטראכעטען. קוקט).
נעכע. וואס טוען זיי?..
מינקע (וויל ארויפקריכען).
מייטע (ציהט זיי צוריק). וואס קוקט איהר? ס'איז גאר נישט... זיי זענען ארויס פאר דער טיר מיט די לאמפען אין די הענד...
מינקע. מייטע, זעה נור... זיי לויפען עפיס ארום... ארום די לאמפען...
מייטע. נו וואס אי? די שיקסעס לייכטען צו... שכור... לויפען זיי... קומט צוריק, קומט... לאמיר זיך זעצען... (ציהט זיי צוריק אוועק אויף דער ווערענדע. זעצען זיך).

דאס געזאנג און די קולות הערען נישט אויף. זיי הערען זיך איין קוקענדיג איבער'ן פלויט מיט שטילע פערטיעפטע געזיכטער. עס דערהערט זיך א שארך אין גארטען. אלע דריי קוקען זיך האסטיג אום: צווישען די בוימלעך נעבען צווייטען שכנ'ישען הייזעל רודערט זיך עפיס א פיגור אין דער פינסטער.

מִינְטֶע (קוּקֶענדִיג אַמאָל אוֹיף מִינקֶען, אַמאָל צווִישֶׁען דִי בּוֹימֶער. שטִיל). וואָס קֶען דאָס זַיין?...

גֶעכֶע (נאָךְ שטִילֶער). דאָרט... דאָרט...

מִינקֶע. גאָר נִישט... מן הסתּם רוּדֶערט עֶפּיס...

דִי פִיגוּר (גִיט זִיךְ אַ האַסטִיגֶען רוּדֶער. וואַקסט פלוּצלוּנג אוֹיס הֶעכֶער צווִישֶׁען דִי בּוֹימלֶעךְ).

אַלֶע דרַיי (אוּנרוּהִיג). „כַּטאָ טאַם?... כַּטאָ טאַם?!.

דִי פִיגוּר (פוּן צווִישֶׁען דִי בּוֹימֶער). יאַ!..

אַלֶע דרַיי (צֶערוּדֶערט הוֹיבּען זִיךְ אוּן זֶעצֶען זִיךְ צוּרִיק). פּאַן סטאַנִיסלאַוו?!.

סטאַנִיסלאַוו (קוּמט לאַנגזאַם צוּ דֶער וועֶראַנדֶע). גוּט אָבֶענד!..

אַלֶע דרַיי. גוּט אָבֶענד! גוּט אָבֶענד, „פּאַן סטאַנִיסלאַוו!“

מִינקֶע. זִיץ, פרִיץ! (מאַכט אִיהם אַיין אָרט נֶעבֶּען זִיךְ).

דִי קוֹלוֹת ווערֶען בִּיסלֶעכווַיז פֶערשטוּמט.

סטאַנִיסלאַוו. דאַנק! (זֶעצט זִיךְ) וואָס זִיצט אִיהר הַיינט אַזוֹי לאַנג? עֶס שלֶעפֶערט אַייךְ נִישט?

מִינקֶע. ווייסט נִישט, פרִיץ — מֶען זִיצט — זִיצט מֶען...

מִינטֶע. וואָס הֶערט זִיךְ, פרִיץ?..

סטאַנִיסלאַוו. אַלטֶע „בִּיעֶדֶע“.

גֶעכֶע. אוּנזֶער „גאָספּאָדאַרזש“ מאַכט הַיינט כַּטשִׁינִיס...

סטאַנִיסלאַוו. אִיךְ ווייס.

מִינקֶע. פרִיץ, עֶס קֶען נִישט דֶערפוּן עֶפּיס אַרוֹיסקוּמֶען?..

סטאַנִיסלאַוו. וואָס?

מִינקֶע. אִיךְ ווייס?... זֵיי זֶענֶען דאָךְ שִׁכּוֹר... בַּיי דֶעם... „גאָספּאָדאַרזש“ מַיין אִיךְ...

סטאַנִיסלאַוו. נוּ אִיז וואָס?....

מִינקֶע (פֶערשווַייגט. קוּקט זִיךְ אַיין אִיבּעֶר'ן פּלוֹיט). מֶען הֶערט זֵיי שוֹין נִישט... (צוּ סטאַנִיסלאַוו'ן). וואָס דאָ האָט זִיךְ אָבּגֶעטוּן!... פרִיץ... עֶס קֶען נִישט אַמאָל אַרוֹיסקוּמֶען אַ גֶעשלֶעג צווִישֶׁען זֵיי?...

סטאַנִיסלאַוו. עֶט — נאַרִישקַייט!...

מִינקֶע. פרִיץ... וואָס אִיז גֶעשֶׁעהן, עֶפּעֶס נַייעֶס זאָגט מֶען, בַּיי דֶער סטאַנציֶע — דוּ האָסט נִישט גֶעהֶערט, פרִיץ?...

סטאַנִיסלאַוו. נֵיין, גאָר נִישט גֶעהֶערט...

מִינקֶע. דִי וועֶשִׁין אִיז דאָ פרִיהֶער גֶעוועֶן —

מִינטֶע (טוּט מִינקֶען אַ צִיה בַּיי'ם אַקסֶעל. שטִיל). וואָס ווִילסטוּ?!

מִינקֶע. (בּלַייבּט אָבּגֶעהאַקט).

סטאַנִיסלאַוו (קוּקט זֵיי אָן). וואָס אִי?..

מִינטֶע. גאָר נִישט... גאָר נִישט... זִי האָט נוּר אַ טבֿע צוּ פרֶעגֶען — — (צוּ גֶעכֶען). פוּן וואַנֶען ווייס דֶער פרִיץ?!.. נוּר זִי פרֶעגט!

סטאַנִיסלאַוו. אִיךְ ווייס טאַקי נִישט... נוּר עֶפּיס האָבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶעהֶערט

הײַנט... איך בין פֿערבײַגעגאנגען פֿאַר אַ ווילע, האָב איך געזעהן ווי אונזערס אַנאַלטע שוין... וואָס געהט אַרום בעטלען צווישען די „ליעטני־קעס" — האָב איך געזעהן, ווי זי האָט געריפֿען אַ „זידאָווקע" עפּיס אַ „פּאַניע" איינע... שטילערהייד מיט'ן פֿינגער האָט זי צו איהר געוואונקען... האָב איך געהערט ווי זי זאָגט איהר, אַז די יודען זאָלען זיך היטען מאָרגענדיגען טאָג...

אַלע דרײַ. פּריץ! וואָס רעדסטו דו?..

סטאַניסלאַוו. „נאָ טעגאָ נע בענדזשע!"....

מײַטע און נעכע. פּריץ, גלייב נישט!.. גלייב נישט!.. דאָס איז אויסגעטראַכט?

סטאַניסלאַוו. וואָס דען... איז אויסגעטראַכט...

מײַטע און נעכע. (קוקען זיך שטום אָן).

סטאַניסלאַוו (קוקט זיך אום איבער'ן גאָרטען). „טשאַס ספּאַטש".

מײַטע (וועקט מינקען). מינקע... מינקע... וועל'מיר אויך געהן שלאָפֿען...

סטאַניסלאַוו (צו מײַטע'ן). איהר געהט שוין אויך שלאָפֿען! (שטעלט זיך אויף). אָפּשר „פּאַניע" האָסט דו אַ רובעל, ביז מאָרגען... אָדער אַז נישט, וועסט דו דיר אָפּרעכענען ביי מיין ווייב אויף די מילך...

מײַטע. איך האָב... (דערלאַנגט איהם אַ רובעל).

סטאַניסלאַוו (דריקט איהר די האַנד. נעכען אין מינקען אויך). אַ גוטע נאַכט! אַ גוטע נאַכט!... (פֿערשווינדט).

(לאַנגע פּויזע).

מינקע (שטעהט לאַנגזאַם אויף. קוקט זיך אום איבער'ן גאָרטען לאָזט זיך געהן פֿון די וועראַנדע־טרעפּלעך).

מײַטע (קוקט איהר נאָך). מינקע... וואוהין, געהסטו?..

מינקע (פֿערשווײַגט. ציהט זיך איהר וועגס צום ווינקעל פּלויט, פֿון וואַנען די קולות האָבען זיך פֿריהער געהערט).

נעכע. רבונו של עולם.... (שטעהט אויף).

מײַטע (לאָזט זיך אַראָב פֿון די וועראַנדע־טרעפּלעך נאָך מינקען. ביטער). מינקע!... לאָז דיך שוין בעגנינען הײַנטיג נאַכט... קום שוין שלאָפֿען...

מינקע (שוואַך). איך געה שוין...

מײַטע (ציהט זי צוריק).

נעכע (אַליין אויף דער וועראַנדע. געהט דערווייל אַראָב, פֿערמאַכט די לאָדען. אין גאָרטען ווערט אין גאַנצען פֿינסטער. מינקע און מײַטע קעהרען זיך דערוויל צוריק אום אויף דער וועראַנדע זעצען זיך פֿאַר דעם שײַן פֿון דער אָפֿענער טיר. עס קומט צו נעכע פֿון די לאָדענס פֿערמאַכען).

נעכע. נו וואָס זענט איהר דאָרט געשטאַנען?..

מײַטע. גאָרנישט... ס'איז שטיל...

נעכע (שטיל). מען הערט זיי שוין נישט?..

מײַטע (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). ניין...

מײַטע און נעכע (געהען באַלד אַרײַן אין שטוב).

מינקע (בלײַבט אַלײן. געגען דער שײַן פֿון דער אָפֿענער טיר, זעהט מען איהר געזיכט. זיצט פֿערזונקען, שטאַרק בלאַס, זיפֿצט שטיל אָב. שטעלט זיך אויף אַרײַן צו געהן אין שטוב. וואַרפֿט נאָך אָבער אַ בליק צום ווינקעל־פּלויט. שלאָגט זיך מיט דער דעה, לאָזט זיך לאַנגזאַם אַראָב פֿון די טרעפּלעך. קוקט. שטעהט אַ ווײַלע, קעהרט זיך אום, און וויל שוין צוריק געהן: בעמערקט זי עפּעס ווײַסעס צווישען די בײמער. שטיל). דאָס קישען!...

(געהט צו, הויבט עס אויף, און וויל שוין צוריק געהן. בלײַבט אָבער נאָך שטעהן... בעמערקט דעם שטריק פֿון דער הוטשאַוקע. לאָזט זי אַרויס דאָס קישען פֿון האַנד. בינדט אָב דעם שטריק פֿון צווישען די בוימער. שטעהט אַ מינוט אין פֿערלעגענהייט. געהט צו צום פּלויט און וואַרפֿט איהם אַריבער, בלײַבט אָבער ווײַטער שטעהן, קוקט זיך אײַן, און געהט אַרויס דורך דער פֿאָרטקע. קומט באַלד צוריק מיט דעם שטריק אין דער האַנד, און וואַרפֿט איהם אין דער ברונען אַרײַן... אַצונד נעהמט זי דאָס קישען. געהט אויף דער וועראַנדע, דערזעהט ווײַט אין וואַלד רוקט זיך אַ פֿלעמעל פֿײַער, ווי עמיצער מיט אַ לאַמטערן. און זי קריכט אַרויף אויף דער באַנק פֿון דער וועראַנדע מיט דעם קישען אין דער האַנד. פֿערדרײַסט דעם קאָפּ און קוקט נאָך מיט שרעקליכע אויסגעשטעלטע אויגען).

מײַטע (שוין אין שלאָף־קלײדעל, און באָרפֿיס בעווײַזט זיך אויף דער שוועל אין דער אָפֿענער טיר. דערזעהט מינקען. מיט שרעק). מינקע!...

מינקע (טוט אַ ציטער).

מײַטע.. וואָס טוסט דו?...

מינקע (קומט צו זיך. קריכט אַראָב פֿון דער באַנק, ווי פֿערשעמט). גאָר נישט...

מײַטע (רוקט זיך אַרויס אויף דער וועראַנדע, קוקט אויך). עמיצער מוז זײַן — מיט פֿײַער...

מינקע (אַלץ קוקענדיג נאָך דעם פֿלעמעל אין וואַלד, וואָס פֿערשווינדט אויף אַ רגע און שווימט ווידער אַרויס צווישען די בוימער). ווער קען דאָס זײַן?

מײַטע (ציהט זי בײַם קלײד). קום, מינקע, קום שלאָפֿען... די קינדער וועלען זיך אויפֿכאַפּען...

מינקע (אַלץ נאָכקוקענדיג). באַלד... מײַטע... קוקט, ביז דאָס פֿײַערל פֿערשווינדט אין גאַנצען. וועקט זיך). מײַטע — — אַ וואַלד קען מען אונטערצינדען?...

מײַטע (קוקט זי אָן פֿערוואונדערט). אַ וואַלד?...

מינקע. יאָ אַ וואַלד... אַז אַ וואַלד ברענט... (בלײַבט אָבגעהאַקט).

מײַטע. נו וואָס?...

מינקע. קען מען שוין נישט אַרויס מיט'ן לעבען... בוימער אין אַלע זײַטען אין דער פֿלאַם?...

מײַטע (אָנשרײַענדיג). נו, וואָס אַ מענש האָט אַלץ אין זינען!... קום שוין בעסער אַרײַן שלאָפֿען — קום! די קינדער וועלען זיך צעוויינען.

מינקע (לאזט צוריק אראב דעם קאפ, געהט נאך מיט דעם קישען אין דער האנד נאך מיטען אין שטוב אריין).

באלד פערמאכט זיך די טיר. ארום און ארום ווערט שטארק פינסטער. נאר דורך דער לאנגער שמאלער שפארע פון דער טיר פאלט ארויס א דין ליכטיג פאסיקיל איבער דער ווערעאנדע, אויסציהענדיג זיך אין גארטען אריין.
א טיעפע שטילקייט. פון אינעווייניג הויבט זיך אן צו הערען א הויגען פון א וויגעל, און א ליעד פון א קינד איינשלעפערען.
דער פארהאנג פאלט זעהר לאנגזאם, ווערענד עס הערט זיך דאס ליעדעל מיט א טרויעריגער מיטערליכער שטים:

„שלאף מיין קינד
מיין טייערינקע פייגעלע
שלאף אין דיינעם רוה.
שלאף מיין פייגעלע
מאך שוין צו דאס אויגעלע,
שלאף ביז אין דער פריה.
אז דו וועסט ארויס פון וויעג,
איז דא ארבעט גענוג
שוין אנגעגרייט פון א צינד,
שלאף מיין פייגעלע —
מאך שוין צו דאס אייגעלע,
שלאף־זשע פריש און געזינד.

דער פארהאנג פאלט די רעשט. עס הערט זיך נור שוואך די בלויזע מעלאדיע, די ווערטער — נישט, ביז דאס קול הערט אין גאנצען פערזונקען אין שטילקייט.



דָניאֵל טְשַׁארְנִי.

# נָאכ'ן שְׁטוּרְם.

לאַפִּינ'עֶן — אַ מתנה.

האַלבּ-שְׁעֶמְעוודיג שטיל, ווי אַ יוּנגִינקֶעס מֵיידֶעל,
וואָס האָט זיך ניט לאַנג פוּן געֶליעבּטעֶן בּעֶפרַייט,
שטעֶהט-אוֹיף נאָכ'ן שטוּרעֶם די ערד אַ פֶערשעֶמטעֶ,
זי בּליקט צוּ דעֶם הימעֶל — ר'איז ווידעֶר ריין-ווייט...
זי מעֶרקט מיט אַ בּוּשה: דאָס קליידעֶל צוּקאָרטשעֶט,
די ווייכינקעֶ לאָקעֶן — צוּפּלאָנטעֶרט, צוּקנייטשט,
די זיידעֶנעֶ בּעֶרגלעֶך קאַלט ליגעֶן צוּקוּשטעֶ...
די טאָלעֶן מיט לויפעֶנדעֶן וואַסעֶר פֶערפּלייצט.
עֶס גלייכט זיך די עֶרד אויס אַ מידעֶ, בּעֶפרַייטעֶ,
צוּם הימעֶל גיט צנוּעה'דיג אַלעֶס אַ קוּק;
עֶס גרייזלעֶן זיך אויס ווייך די בּליהעֶנדעֶ פיילכעֶן,
עֶס דוּכט, אַז ס'טוּט אָן ווער דעֶר עֶרד אַ פּאַרוּק...
די זוּן, ווי אַ מאַמעֶ, צינדט אָן שטיל פיעל ליכטלעֶך,
זוּכט אויס אין פֶערגלעֶט ווייך די עֶרדישעֶ וואוּנד,
עֶס שמייכלעֶן די טאָלעֶן צוּפוּסעֶנס די בּעֶרגלעֶך,
ס'ווערט קלאָרעֶר דאָס טייכעֶל, עֶס זעֶהט זיך זיין גרוּנד.
אַ שעֶלמישעֶר ווינדטעֶל רוימט גנבישׁ אין אויעֶר:
„עֶס האָט מיט דעֶר עֶרד זיך דעֶר הימעֶל צוּפּאָרט!"
איצט ווֶעט זי געֶבּוירעֶן ניי-יוּנגינקעֶ לעֶבּעֶנס,
אין שוֹיס ווֶעט זי גרייטעֶן פאַר אַלעֶס אַנ'אָרט...



## זְרֻבָּבֶל.

# קְרִיטִישֶׁע שְׁמוּעֶסְן.

## א.

# דִי נְשָׁמָה אוּן דֶער מַלְבּוּשׁ.

### I.

אַלֶע נשמות שטאַמֶען פֿוּן דֶעם אֵייבִּיגֶען אוצר הנשמות. יֶעדֶע נשמה הָאט אִין זִיךְ אַ חלק פֿוּן גאָטהַייט.

קוּמט זִי אָבֶּער אַרַיין אִין גוּף, נִידֶערט זִי נאָר אַראָבּ אוֹיף דֶער עֶרד, — ווערט זִי גְלַייךְ דוּרךְ דֶער רעאַלֶער ווירקלִיכקַייט ווִי מִיט אַ שלייער פֿערהִילט, פֿערשלאָסֶען אוּן פֿער׳התמה׳ט. אוּן דאָס רוֹבּ מֶענשֶׁען קווֶעלֶען אָבּ זייער לֶעבֶּען, ווִי פּשוּט׳ע בּשר־ודם׳ס, אָפֿט להלוטין פֿערגעסֶענדִיג, אָדֶער זאָגאַר נִיט ווִיסֶענדִיג ווֶעגֶען דֶעם צלם אלהים.

אוּן נוּר אֵיינִיגֶע — יחידי סגולה — דערגרייכֶען דִי הוֹיכֶע מדרגה, בּעהעֶפֿטֶען זִיךְ אָן כּבּיטוּל אוּן געֶנִיסֶען דֶעם הייליגֶען שעֶפּֿפערישֶען עֶקסטאַז. זִיי צִיהֶען אַרוֹיס דִי נשמה פֿוּן אִיהר עֶרדישֶען מלבּוש, גלעֶטֶען זִי נאַקֶעטערהייד, קוּשֶׁען זִי, צערטלֶען זִי, אָנקווֶעלֶענדִיג פֿוּן גאָט׳ס יצירה (שעֶפּֿפוּנג).

דִי אֶמת׳ע ק וּ נ ס ט הָאט אוֹיךְ שטעֶנדִיג צוּ טוּן מִיט נ אַ ק עֶ ט עֶ נ ש מ וֹ ת. אִין יעֶדֶער עֶרשייַנוּנג, אִין יעֶדֶער בּעֶשעֶפֿעֶנִישׁ ווִיל זִי נוּר דִי נשמה, דִי „אִ י נ עֶ ר־ ל י כֶ עֶ ווֶ עֶ ל ט“.

אִין דֶער ווירקלִיכקַייט אִין דאָס רעאַלֶע לֶעבֶּען, אִין דֶעם מ ל בּ וּ שׁ זאָגאַר ווִיל זִי אוֹיךְ אויס אוּן דעֶקט־אוֹיף דִי נ שׁ מ ה.

אוּן ווייל זִי בּעֶשעֶפֿטִיגט זִיךְ מִיט דֶער נשמה, דערִיבּעֶר ווייס נִיט דִי אֶמת׳עֶ קוּנסט פֿוּן רוֹים אוּן צַייט. אֵייבּיג אוּן אַלוועֶלטלִיךְ זעֶנעֶן דִי נשמה־געֶפֿיהלעֶן, בּעֶגעֶהרעֶן אוּן בּעֶוועֶגוּנגעֶן.

שִׁיר השירים אִיז אַ אֵייבִּיג־בּליהעֶנדעֶר קוּנסט־גאָרטעֶן.

גאַנצעֶ בּייטעֶן מִיט דִי העֶרלִיכסטעֶ, דוּפֿטעֶנדסטעֶ בּלוּמעֶן זעֶנעֶן דאָרט פֿערזייהט, אֵייבִּיג פֿאַלט דאָרט בּעֶפֿרוּכטעֶנד דעֶר זאַפֿטִיגעֶר מאָרגעֶנ־טוֹי, אֵייבּיג שטראָמט אִין דעֶם דאָזִיגעֶן גאָרטעֶן אַ בּעֶלעֶבּעֶנדעֶר, עֶרפֿרישעֶנדעֶר אוּן עֶרקוויקעֶנדעֶר קוּנסט־וואַסעֶרפֿאַל. אוּן עד היוֹם, נִיט קוּקעֶנדִיג אוֹיף דִי טוֹיזעֶנדטעֶר יאָהר, וואָס טיילעֶן אוּנז אָבּ פֿוּן זיין גאוֹנישעֶן שעֶפֿפֿעֶר — טוּבל׳עֶן מִיר אַלעֶ נאָךְ אוּנזעֶרעֶ נשמות

אין אָט די וואַסערען און, צוזאַמען מיט זיי זאָגען מיר שירה דער אייביגקייט, דער גאָטהייט.

.II

דאָס יודישע פאָלק פערמאָגט אַ טויזענדיאָהריגע רייכע ירושה פון אֶמת'ער קונסט. אין דער וועלט־ליטעראַטור האָבען מיר אַריינגעגעבען אַ גאַנץ היבשע צאָהל בענדער פון די שעפּונגען פון די גרעסטע וועלט־קינדער. „ברכי־נפשי“, „שיר־השירים“, „ישעיהו“, „איוב“ — זיי האָט געשאַפען אונזער נאַציאָנאַלער שאַפונגס־געני.

אייביג זענען די דאָזיגע ווערק, גרויס זענען זיי און הייליג.

מיר האָבען זיי אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצער נעץ פון קדושה, פירושים און רמזים, מיר האָבען זייער וועלט־נשמה אַריינגעשטופּט אין די ד' אַמות פון דער אידישער סביבה; פון אַלטע פערשימעלטע שמות האָבען מיר אַ מלבוש אויפגענעהט און מיט איהם זיי — די לופטיגע, דורכזיכטיגע — אַיינגע־וויקעלט, און אין אָרון אונטער זיבען שלעסער פערבעהאַלטען. כל זר לא יבא הנה. קיין פרעמדער טאָר אַהער ניט אַריינקומען. אַזאַ אויפשריפט האָבען מיר אויף זייער אָרון געמאָלט.

און מיט דער צייט זענען די דאָזיגע ספרים ביי אונז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר פערהייליגט, אָבער גלייכצייטיג — ווייטער און פרעמדער.

אונזערע ברייטע פאָלקס־שיכטען, אונזער גרויסער המון ווייס דעם ניגון פון „שיר־השירים“, „תהלים“, „איכה“, ער ווייס אָבער ניט זייער אינערליכען ריטם, זייער אייביגקייט, זייער נשמה.

איין מאָל אין זיבען טעג וועט ער מיט איין און דעמזעלביגען ניגון זאָגען „שיר־השירים“; מיט איין און דעמזעלביגען טראָפּ וועט ער מעביר סדרה זיין פרשה „מסעי“ און „האזינו“; אויפ'ן „ניכטערען האַרצען“ וועט ער יעדען טאָג „אָבהאַפּען“ אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים נאָכ'ן דאַוונען, כדי גאָט זאָל איהם פרנסה צושיקען.

דאָס אַלץ איז נאָך אָבער אויך געדעדט געוואָרען, ווען ער איז אַ פרומער, ערהרליכער יוד.

הערט ער אָבער נור אויף פרום צו זיין, זענען שוין די אַלע ווערק ביי איהם ניט הייליג. און וויבאַלד זיי זענען ביי איהם ניט הייליג — לעזט ער זיי גאָר ניט. נאָך וואָס איז עס איהם?

אויף אַזאַ אופן זענען אונזערע קולטור־אוצרות, פון וועלכע די וועלט־קינסטלער שעפּען ענטציקונג און געטליכקייט — אונז גופא פרעמד און אונבעקאַנט.

יעדער אידישער „עקסטערן“ האַלט פאַר זיין אונבעדינגטען חוב דורכצושטודי־רען האָמער'ס „איליאַדאַ“, וויסען בעל־פה די גריכישע מיפּאָלאָגיע קענען אַלע טראַגעדיען פון עסכיל, סאָפאָקל און עוריפּיד. אין דער זעלבער צייט, וועט ער זיך אָבער שעמען וועמען דערצעהלען, דאָס ער חזרט תהלים; מעשׂה קינדערשע עראינערונג וועט ער מיט אַ שמייכעל דערמאָנען

ווי דער טאַטע פּלעגט איהם נויטען אַלע שבת אין דער פריה מעביר-סדרה-זיין און ער פּלעגט זיך „איינקלינגען" איבער צוהיפּען גאַנצע שורות.

און וויל אונזער פּאָלק האָט וועגען זיין ירושה ניט געוואוסט און ניט געטרוימט, האָט ער שטענדיג זיין קולטור אָנגעהויבען פון דאָס ניי צו שאַפען. און וויל ער האָט זיין ירושה ניט געהאַט ביי זיך — נאָר אין אָרון צווישען די שמות — האָט ער זיך מיט איהר ניט בענוצט. דעריבער האָבען מיר קיינמאָל ניט געקענט אָבשאַצען דעם אמת'ען ווערטה פון אונזער קולטורעלען פאָרשריט; דעריבער האָבען מיר ניט געוואוסט אין וואָס פאַר אַן'אָרט אַוועקצושטעלען דעם אָדער יענעם ווערק; דעריבער האָט אונז דאָס קוואַקערי פון ושאַבעס אָפט געקלונגען ווי געטליכע שירה פון מלאכים; דעריבער האָבען מיר אָפט ימים-נוראים'דיגע משוררים'לעך מיט'ן נאָמען כהן-גדול טיטולירט.

III.

ווען מיר געהען צו צו אונזער ליטעראַטור פון דעם לעצטען פּעריאָד, פון די לעצטע 40—50 יאָהר — וואַרפט זיך אונז גלייך אין די אויגען דער אַרט שרייבען פון די דאַמאָלסדיגע שרייבער.

ער איז גאַנץ איינפאַך און פּרימיטיוו.

זיי קוקען זיך צו צום יודישען לעבען, זיי בעקענען זיך מיט איהם נאָהענט און זייערע בעאָבאַכטונגען גיבען זיי אונז איבער גענוי און דייטליך.

דיק, לינעצקי, שאַצקי — זיי האָבען, לויט מיין מיינונג, בכלל אַ זעהר קנאַפּע שייכות צו ליטעראַטור, אַ פשיטא — צו קונסט. זיי זענען שרייבער מיט פּאַרטיגע אַפּאַראַטען, זיי פאָטאָגראַפירען פּינקטליך דאָס יודישע לעבען, ניט אָבטרעטענדיג „אויף אַ האָר פון דעם אמת".

לעזט דורך זייערע ווערק — וועט איהר בעקומען אַ ריכטיגע, גענויע פאָרשטעלונג און שילדערונג פון דעם יודישען אַרט לעבען אין זייער צייט, פון די פערשידענע אויסערליכע און אינערליכע פערהעלטניסען אין דער יודישער סביבה; די נשמה-טיעפענישען, איהרע בעוועגונגען, קאָרטשעניסען, בענקשאַפטען, ליידען און פריידען — דאָס זאָלט איהר ביי זיי ניט זוכען, דאָס וועט איהר דאָרט ניט געפינען. אומזיסט אייער טירחה.

מענדעלי מוכר ספרים איז דער גרעסטער פון זיין דור, פון זיין ליטעראַטור-עפּאָכע. ער איז שוין מעהר פון זיינע חברים אַ קינסטלער, ריכטיגער אַ מאָלער. ער איז שוין מעהר נאָהענט צו דער נאַטור, צו פעלדער און וועלדער, זון, לבנה און שטערען.

ער פאָהרט מיט זיין קליאַטשע און ביידעל איבער די צווייטע און פונאַנדערגעוואָרפענע אין פערשידענע געגענדען, אידישע מקומות, און איהם קומט דעריבער אויס זעהר אָפט דורכצופאָהרען גאַנצע שטרעקעס, וואו עס איז ניטאָ קיין ישוב, וואו ער בעגעגענט ניט קיין ילוד-אשה. פון ניט-האָבען וואָס צו טון, הויבט ער זיך אָן אַרומצוקוקען, ער הויבט אָן צו בעמערקען די אַרומיגע לאַנדשאַפט. ער ווערט אַ רגע פון איהר ענטציקט. ס'טוט זיך ניט ווילענדיג אַ טראַכט: „אַך, ווי שען דער בוים „איז". אָבער באַלד אָסאָציאירט זיך עס ביי איהם מיט

אַ וועלכער עס איז לעבענס־בילה, און זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געהט אַריבער אויף דער לעצטער.

איהר טרעפט ביי מענדעלי'ן גאַנצע עטליכע עמודים, וואו ער האַלט אין מאָלען די נאַטור; איהר זעהט „געריהרט", אויף איך האָט עס געווירקט, און ביסלעכווייז ווערט איהר אַריינגעצויגען אין דעם קינסטלער'ס בעאָבאַכטונג'ס קרייז, איהר הויבט עס אָן איינצוזאַפּען אין אייער נשמה — אָבער מענדעלי גיט זיך פּלוצלונג אַ ריים איבער: „נישט דאָס בין איך אויסען".

און באמת. מענדעלי איז צו ראַציאָנאַליסט, צו פּראַקטיש, אַ צו גרויסער יודישער פּקח, און איהם וועט קיינמאָל ניט איינפאַלען, איך עפּעס פערצעהלען, סתם צוליעב דעם דערצעהלען גופא. וועגען וואָס ער זאָל ניט שרייבען, וואָס ער זאָל איך ניט שילדערען, לעגט אין דעם מענדעלי יעדעס מאָל אַריין אַ בעזונדער „מיין", אַ ספּעציעלע כונה. ער איז שטענדיג עפּיס אויסען. „נישט דאָס איז ער אויסען". אָבער עפּיס אַנדערש איז ער יאָ אויסען. מיר שיינט, דאָס ווען מענדעלי זאָל געוועזען זאָגאַר „רות", אָדער „שיר־השירים" אָנשרייבען, וואָלט ער זיך אויך ניט געקאָנט איינהאַלטען אין ביין סוף מוזען צושטעלען זיין „נישט דאָס בין איך אויסען".

מענדעלי איז אַ טיפּישער גלות־יוד.

אַלע זיינע בילדער זענען דאָס רוב אַזוי בלוט־לאָז, בית־מדרש'דיג, אַזוי גלות'דיג. וואוהין ער זאָל זיך ניט אַ קעהר געבען, בעגעגענט ער אומעטום זיין אייגענע, פערזאָמערטע צורה. קיינמאָל דערפיהלט ער זיך ניט פריי ווי די נאַטור, ווי גאָט'ס וועלט איז, נאָר פערקעהרט: שטענדיג איז ביי איהם די נאַטור אין גלות, גלייך ווי ער גופא..

און דאָס איז דערפאַר, ווייל מענדעלי איז ניט קיין אמת'ער קינסטלער. מענדעלי זוכט ניט. מענדעלי האָט ניט קיין שאַפונגס־ליידענשאַפט, זיין נשמה ציטערט ניט אויף פון דעם ברענענדסטען פערלאַנגען, עפּיס אונבעוואוסטעס צו דערגעהן. אַלץ ווייס ער פון לאַנג. קיין זאַך איז פאַר איהם ניט ניי און אונפערשטענדליך. ער פרעגט קיינמאָל ניט קיין קשיות. און אויב עמיץ פרעגט ביי איהם, האָט ער גלייך אויפ'ן שטעל אַ תירוץ. „קליינמענשעלי", „קליאַטשע", „פישקע דער קרומער" — דאָס דערצעהלט מענדעלי אונז; ער איז אַ גוטער, ליעבער זיידע און טוט עס אונז צוליעב. איהם גופא אָבער אינטערעסירט עס ווייניג.

מענדעלי איז דער ערשטער מאַלער אין אונזער ליטעראַטור. ער איז אָבער ניט קיין קינסטלערישער פּסיכאָלאָג, פאַר איהם איז אונבעקאַנט דאָס, וואָס ס'וועבט זיך און ס'שפּינט זיך אין די יענזייטיגע ספערען פון אונזער נשמה.

ער זעהט שטענדיג שכינתא בגלותא.

זיין אייגענע נשמה, די נשמה פון דער שכינה, פון יעדער בוים, פון יעדער גראָז — אַלץ איז פאַר מענדעלי'ן איינגעהילט אין אַ מלבוש. ער וויל ניט און קאָן ניט אָט דעם מלבוש אַראָבציהען. ער פערמאָגט ניט קיין קינסטלערישע נייגעריגקייט און חוצפּא, און בענוגענט זיך מיט דעם, וואָס ער טאַפּט אָן די נשמה נור דורך איהר מלבוש.

.IV

פונקט דער היפוך פון מענדעלע׳ן איז י. ל. פּרץ אין זיינע בעסערע װערק — אין זײן שילדערען די נשמה פון דער חסיד׳ישער װעלט.

פּרץ װיל זעהן די נשמה דוקא אין איהר נאַקעטקײט.

אין זיין װעלטענעם קונסט־װערק „צװישען צװײ בערג" בעגעגענען מיר זיך מיט׳ן ביאַלער חסיד׳ישען רבי און בריסקער מתנגדי׳שען רב. דער „ביאַלער" װײזט דעם מתנגד זײן תורה.

„און איך האָב געזעהן דאָס אײגענע, װאָס אַלע שמחת־תורה, נור איך האָב אַנדערש געזעהן... װי אַ פאָרהאַנג איז מיר אַװעקגעפאַלען פון די אויגען.

„אַ גרויסער ברייטער הימעל — ממש אין סוף, און בלוי, אַזוי העל־בלוי איז דער הימעל געװעזען, אַז עס האָט מהיה געװעזען דאָס אויג. איבער׳ן הימעל זענען געשװאומען װײסע, ממש זילבערנע, װאָלקענדלעך, און אַז מען האָט זיך אין זײ אַײנגעקוקט, האָט מען געזעהן, װי זײ ציטערען ממש פאַר פרייד, װי זײ טאַנצען אונטער מיט שמחת־תורה. הינטען װײטער האָט אַרומגענומען די שטאָדט אַ גרינער, ברייטער גאַרטעל, אַ טונקעל־גרינער, נאָר דאָס גרינע איז געװעזען לעבעדיג גרין, גלײך עס װאָלט אַ „חיות" אַרומגעפלויגען צװישען די גראָזען; װאָס אַמאָל, האָט זיך געדאַכט, פלאַמט ערגיץ אַנדערש אויס אַ חיות, אַ גע־שמאַק, אַ לעבען; — מען האָט געזעהן בחוש, װי די פלעמלעך שפּרינגען און טאַנצען צװישען די גרעזלעך... גלײך זײ האַלזען זײ און קושען זײ...

און אויף די לאָנקעס מיט די פלעמלעך האָבען זיך אַרומגעדרעהט כתות, כתות פון חסידים... די אַטליסענע און אַפילו די לאַסטינגענע קאַפּאָטעס האָבען געבלאַנקט װי די שפיגעל, די צוריסענע װי די גאַנצע... און די פלעמלעך, װאָס האָבען זיך אַרויסגעריסען פון צװישען די גרעזלעך, האָבען זיך געהאַפט און געטשעפּעט אָן די שפיגעלדיגע בגדי יום־טוב. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זײ טאַנצען אַרום יעדען חסיד מיט התלהבות, מיט ליעבשאַפט"...

„און יעדע כתה האָט זיך געזונגען איהר ניגון, נאָר אין דער לופט האָבען זיך די אַלע ניגונים מיט די אַלע קולות אויסגעמישט, און צום רבי׳נס גאַניקעל איז צוגעקומען איין זמר, איין ניגון... גלײך אַלע זינגען איין זמר... און אַלע זינגען — דער הימעל זינגט, די גלגלים זינגען, און די ערד פון אונטען זינגט, און די נשמה פון דער װעלט זינגט — אַלץ זינגט....."

איהר פיהלט, אַז פּרץ איז דאָ אַרײנגעדרונגען טיעף, טיעף אין דער נשמה פון דער װעלט, ער האָט פון איהר דרײסט אַראָבגעװאָרפען דעם מלבוש. ער האָט דערזעהן די יצירה און קלײבט נחת פון די מעשי־בראשית.

די פלעמלעך קושען און האַלזען די גרעזלעך, די זעלביגע „פלעמלעך טאַנצען אַרום יעדען חסיד מיט התלהבות, מיט ליעבשאַפט" — דאָ האָט איהר אַ קאָסמאָס־פּאַטאָס. אַלץ האָט זיך פאַר פּרץ׳ן אינאײנעם צונויפגעגאָסען, „דער חלק האָט זיך בעהעפט מיט דעם גאַנצען", צוזאַמענגעפלאָכטען, אַלץ איז געװאָרען אײנס און אַלץ זאָגט שירה.

„עס איז אָבער נישט בעשערט געוועזען.

— מען דאַרף מנהה דאַוונען! האָט פּלוצים דער בריסקער רב׳ אַרויסגע־זאָגט שאַרף; און אַלץ איז פֿערשוואונדען געוואָרען.

שטיל — — — די פֿאָרהאַנג איז מיר צוריק געפֿאַלען פֿאַר די אויגען; איבען — אַ פשוט׳ער הימעל, אונטען — פשוט׳ע פּאַשע, פשוט׳ע הסידים אין צו־ריסענע קאַפּאָטעס... אַלטע צוריסענע שטיקלעך ניגונים, אויסגעלאָשען די פלעמלעך..."

די נשמה האָט איהר מלבוש אָנגעטהאָן צוריק, ס׳איז אַרויס־געטראָטען די מגושם׳דיגע ווירקליכקייט, ס׳האָט אַ קוק געגעבען דער טרוקענער „ניכטערער" מתנגד — און שוין איז די נשמה וואָכעדיג, פּראָזאאיש און פשוט.

פרץ איז אין דער קונסט אַ חסיד.

שטענדיג און אומעטום, אויף יעדער שריט און טריט זוכט ער די נשמה, איהר שורש, איהר אייביגקייט, אויסגעטהאָן פון מלבוש.

פרץ זוכט.

אין אַלע זיינע ווערק, אין פֿערשידענע געביטען, אויף פֿערשידענע וועגען זוכט ער. און ער געפינט אַלץ ניט, קיינמאָל קאָן ער ניט שטילען זיין קינסטלערישען דורשט. ווייל זיין גאַנצע קראַפט בעשטעהט טאַקי אין זיין זוכען. „דער זוכען אַליין איז איין עסק".

און ווייל פרץ זוכט, ווייל פרץ האָט צו טון מיט דער נשמה, ווייל ער פיהלט און בעגעהמט די אייביגקייט — דעריבער איז ער טיעף רעליגיעז געשטימט, איז זיין קינסטלערישע נשמה איינגעהילט אין אַ מיסטישען שלייער.

מענדעלי איז אַ משכיל פון קאָפּ ביז די פיס און דעריבער — אַנ׳אַפּיקורס.

ווען ער וועט אייך דערצעהלען וועגען זיינע תפלות צו גאָט, וועגען דעם פחד זיינעם פאַר׳ן יום־הדין — פיהלט איהר תמיד, ווי אינעווייניג אין האַרצען, שמייכעלט דער ווידע אונטער. ער גלויבט ניט אין אַזעלכע זאַכען, ווי עולם הבא, גן־עדן, בכלל אין דעם אַלעם, וואָס שטייגט אַריבער די גרענעצען פון זיין ראַציאָ־נאַליסטישען, גראַדען שכל.

פרץ איז ווי יעדער אמת׳ער קינסטלער אַ גלויבענדער.

אויב ער גלויבט ניט אין דעם עולם הבא פון די הייליגע ספרים, האָט ער זיך דערפאַר אַליין בעשאַפען אַ אייגענע „יענע וועלט", אויסגעצירט זי מיט די הערליכסטע גירליאַנדען־בלומען פון זיין טרוימערישער, גאָלד־וועבענדער פאַנטאַזיע, אַליין אין איהר אָנגעצונדען גרויסע זונען, וואָס זאָלען אייביג לייכטען און וואַרימען.

און ווען פרץ גיט אייך איבער אַ שטיקעל הסידות פון רבי׳ן, פיהלט איהר בחוש, אַז דאָס איז ער, פרץ אַליין יעצט דער רבי, און דאָס זאָגט ער פאַר אייך זיין תורה, וואָס איהר אמת׳ער מקור איז אין זיין נשמה־פלאַם.

.V

פרץ איז דער ערשטער קינסטלער אין אונזער ליטעראַטור, וואָס האָט

אָנגעהויבען צו הערען און פֿערשטעהן די שפּראַך פֿון אונזער נשמה, פֿון רעד־הוילער, נאַקעטער נשמה.

אייביג יונג איז די נשמה. אייביג יונג איז פּרץ אין זיינע ווערק. אין „צווישען צוויי בערג", אין „די גאָלדענע קייט" — אַ גאַנצע שטרעקע מיט יאָהרען ליגט צווישען זיי אויסגעשפּרייט — אין ביידע אָבער איז פּרץ אַלץ איינס יונג, גלויבענד, מיט אַ וואָכענדען, דאָרשטיגען בליק אין זיינע שאַרפֿע אויגען.

ביי פּרץ'ן געפֿינט איהר ניט אַזעלכע ספּעציעל־יודישע אויסדריקען ווי ביי מענדעלי'ן, איהר געפֿינט ביי איהם ניט אַזאַ נאָהענטע בעקאַנטשאַפֿט פֿילייכט מיט דעם אַרט לעבען אין דער יודישער סביבה, איהר וועט פֿון זיינע ווערק ניט דערקענען די שטאָף פֿון דעם יודישען מלבוש. דערפֿאַר אָבער וועט איהר ביי איהם געפֿינען אַלע קנייטשען, קאָרטשעניסען, בעוועגונגען פֿון דער יודישער נשמה, איהר שטענדיגען זוכען, איהר שטענדיגען בטחון, איהר, אין אַלגעמיין, טיעף רעליגיעזע שטימונג.

און פֿון דעם שטאַנדפּונקט געפֿין איך, אַז פּרץ איז דער יודישסטער צווישען אַלע אונזערע שרייבער ביז היינטיגען טאָג.

פּרץ, אין זיינע בעסערע ווערק — און נור וועגען זיי רעד איך יעצט — לאָזט זיך ניט אַראָב צו דעם ניט־קולטורעלען המון, שאַפֿט ניט ספּעציעל צוליעב איהם. אויפֿ'ן ערשטען פּלאַן שטעהט ביי איהם, ווי ביי יעדען אמת'ען קינסטלער די בעפֿרידיגונג פֿון זיינע אייגענע קינסטלערישע בעדערפֿנישען, וועלכע פּלאַקערען־אויף כסדר אין זיין נשמה און צינדען אָן ליכט אין דער פֿינסטערער אייביגקייט.

ער שאַפֿט זיך אַ אייגענעם המון. ער צווינגט טויזענדטער הערצער, זיי זאָלען זיך בעוועגען אין טאַקט מיט זיין האַרץ, ער קלויבט צונויף טויזענדטער הערצער אונטער זיין באַרג סיני און צווינגט זיי, אין טיעף־רעליגיעזען עקסטאַז, אויסצורופֿען: נעשה ונשמע. און ער פֿיהרט זיי מיט זיך איבער פֿערשידענע, פֿערבאָרגענע, אומזיכטבאַרע וועלטען־אייביגקייטען, דעקט־אויף די פֿערבעהאַלטענסטע נשמה־טיעפֿענישען און ווייזט אונז די אינערליכע וועלט איהרע.

זיין גרעסטע מאַכט ליגט אין זיין קינסטלערישער איבערצייגונגס־קראַפֿט..

ער דערצעהלט אונז ניט וועגען אַנדערע וועלטען, נאָר ער שאַפֿט אָט די וועלטען.. ער פֿיהרט אונז אין זיי אַריין און מיר ווערען איינוואָהנער פֿון זיי; מיר ווערען טיעף פֿעראינטערעסירט אין זייער גורל, ווייל דאָס איז שוין אונזער גורל, ווייל מיר האָבען זיך פֿעראייניגט און צונויפֿגעגאָסען מיט'ן קינסטלער און געפֿינען זיך איינגאַנצען אין זיין רשות.

.VI

פּרץ עפֿענט אויף אין אונזער ליטעראַטור גאָר אַ נייעס בלעטעל. איך האָב שוין אויבען אָנגעוויזען, דאָס שטענדיג פֿלעגען מיר אונזער קולטור אָנהויבען פֿון דאָס ניי צו שאַפֿען. קיין עבר, קיין ירושה פֿון עבר, קיין ערפֿאַהרונג, קיינע טראַדיציען האָבען פֿאַר אונז ניט עקזיסטירט. פּרץ האָט אין אונזער ליטעראַטור

דער ערשטער אַריינגעטראָגען די שטרעבונג, אַריינצודרינגען טיעפער אין דעם עבר, זעהן אַרויסצובעקומען די רייכע ירושה און אויסניצען זי ווי בעסער. ער האָט זיך גענומען צום נאָהנטען עבר, צום חסידיזם.

מיט זיין דורשטיגער, ראָמאַנטישער נשמה האָט פרץ געקענט זעהר גרינג בענעהמען און פערשטעהן די חסידות אין איהר העכסטער, אידעעלסטער פאָרם. איך דאָ אינטערעסירט זיך פרץ ניט מיט'ן חסידישען אַרט לעבען, ניט מיט'ן חסידישען מלבוש. „די אַטלּיסענע און אַפילו די לאַסטינגענע קאַפּאָטעס האָבען געבלאַנקט ווי שפּיגעל, די צורּיסענע ווי די גאַנצע". איך דאָ זעט ער נור זיין געליעבטע — די נשמה. און ער געפינט עס אין זיין חסיד. פרץ'ס חסיד פערמאָגט זעהר וועניג גשמיות, ערדישעס, ער איז פון דעם מעהר אידעאַלען טיפּ, ער איז, אַזוי צו זאָגען, אַנ'אַריסטאָקראַטישער, אַנ'אינטעליגענטער חסיד. ער פערמאָגט זעהר פיעל אלהות (געטליכקייט). ער וואַרפט זיין „איך" אין דעם איביג-פליסענדען וועלט-ים, ער אָטעמט די וועלט-לופט, ער שלינגט די טראָפּענס פון לעבען, ער איז אַלעמענס און אַלץ איז זיינס". אין זיין אייגען האַרץ דערפיהלט ער דאָס קלאַפּען פון דער וועלט-האַרץ; ער שפּירט, אַז ער גופא, איז עס דער דופּק, איז עס דער אָטעם פון דער וועלט-האַרץ. זיין נשמה איז אין זיך כולל דעם גאַנצען יקום, ער גיסט זיך צונויף מיט'ן אין-סוף. ער לעבט שוין טויזענדטער יאָהר, ער וועט נאָך לעבען טויזענדטער דורות. און טראַכט ער, אָדער רעדט ער וועגען לעבען, שטראַהלט זיין פּנים פון הדוה און פריידע, פּונקט ווי ער וואָלט געשפּאַצירט איבער די ש"י עולמות; — ווייל דאָס רעדט ער וועגען דאָס לעבען פון דער נשמה, פון איביגעס לעבען.

פרץ האָט דער ערשטער אין דער ליטעראַטור פּאַקטיש דערוויזען, דאָס יעדער קולטור-שריט פאָרווערטס איז מיט טויזענדטער דורכזיכטיגע פעדים פערקניפּט און פערבונדען מיט'ן עבר. און וואָס מעהר מיר שעפּען פון עבר, אַלץ גרעסער ווערט אונזער פערמעגען אין געגענוואַרט, אַלץ זיכערער און פעסטער קאָנען מיר גלויבען אין דער צוקונפט און אַרבייטען פאַר איהר.

פרץ איז געוועזען דער ערשטער, ער איז אָבער ניט געבליבען איינער אַליין. אונזער יונגסטער דור אין דער ליטעראַטור האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דעם וועג, וועלכען פרץ האָט אָנגעוויזען.

און וואָס וויַיטער מיר געהען מיט דעם וועג, זעהען מיר, וואָס פאַר אַ אוצרות מיר פערמאָגען, ס'אַראַ רייצענדע, רופענדע און ציהענדע איביגקייטס-האָריזאָנטען עס דעקען זיך פאַר אונז אויף דאָרטען, אין אונזער וויַיטען, אָבער יעצט נאָהענט געוואָרענעם, עבר.

און אַ אונבעוואוסטע, אונזעהבאַרע האַנד רופט אונז אַהין, זאָגט אונז צו קוויקענדע פירות און זאַפטיגע ריחות. און אונזער איביגע „בענקשאַפט נאָך שענהייט" הויבט אָן ביסלעכוויַיז שטילען איהר דאָרשט. ביסלעכוויַיז הויבען אויך מיר אָן צו פיהלען און געניסען דעם טעם פון רייצענדער יוגענד, פון איביגען שאַפען, פון איביגען לעבען, פון טיעפסטען, אינטימסטען גליק, פון מעלאָדיען, האַרמאָניען — פון קונסט.

VII.

אויף אונזער ליטעראַרישען פֿעלד טרעט אַרויס שלום אַש.

שלום אַש איז געבאָרען געוואָרען אין אַ ליכֿטיגען זומער־טאָג און האָט לעבען געזויגען פֿון דער מאַמע־ערד'ס פֿולע, זעטיגענדע בריסטען. ער איז דערי־בער יוגענד־קרעפֿטיג, שטאַנדהאַפֿטיג און געזונד. איהר געפֿינט ביי איהם ניט ערגיץ קיין עצבות־טאָן, קיין אומעט־איכה'דיגען ניגון. שטענדיג פֿיהלט ער זיך שבת'דיג, שטענדיג לעבט אין איהם די נשמה יתירה. אַש איז ניט דער פּראָסטער יוד, צו וועמען די נשמה יתירה קומט צו גאַסט נור אויף איין מעת־לעת, אויף דעם שבת'דיגען טאָג. ביי אַש'ן איז דאָס גאַנצע לעבען שבת'דיג. קיין וואָך און וואָכֿעדיגקייט עקזיסטירט פֿאַר איהם ניט. אין יעדער ערשיינונג, אויף יעדער שריט און טריט בעגעגענט אַש: פּאָעזיע, נשמה.

זיין נאַטור איז אַ גאַנצע, ניט־צובראָכֿענע, אַלע טיילען פֿון זיין שטימונג זענען אָרגאַניש צונויפֿגעקניפּט און האַרמאָניש צונויפֿגעגאָסען. דעריבער זעהט ער שטענדיג אין לעבען אויך נור האַרמאָניע, נור גאַנצקייט און קרעפֿטיגקייט. קיין פֿערוויקעלטעס, קאָמפּליצירטעס עקזיסטירט ניט פֿאַר אַש'ן, פֿאַר זיין סטי־לישען טאַלאַנט. באמת, האָט ער קיין טראַגישע לעבענס ניט געוואוסט. אין דער טיעפֿסטער טראַגעדיע האָט ער געפֿונען ריטם', געטליכֿע קלאַנגען, האַר־מאָניע און שענע, ווייכֿע טרוימען.

פּרץ איז אין זיינע בעסערע ווערק ווייט פֿון דער ווירקליכֿקייט, פֿון דאָס רעאַלע לעבען, וועלכֿעס מיר בעאָבאַכֿטען טאָג־טעגליך, אין וועלכֿען מיר אַליין געפֿינען זיך, וועלכֿעס מיר גופֿא שאַפֿען. אַש, פֿערקעהרט, שטעהט מיט ביידע פֿיס אין דער ווירקליכֿקייט, אַש איז צוגעבונדען צו דער מאַמע־ערד.

„וואָרום וואָס איז דען דער מענש, אַז ניט איינס פֿון מיינע שעפּפֿונגען, וואָס ציהט זיך היונה פֿון דער ערד און קומט פֿון איהר, און געהט צוריק צו איהר נאָך דער צייט פֿון זיינע יאָהרען. איז ער דען נישט דער ברודער פֿון בוים? און ווי דאָס גראָז אין פֿעלד, איז ער דען נישט געגליכֿען, וואָס האָט זיינע וואָרצלען אין די ערד איינגעפֿלאַנצט, וואָס קומט פֿון איהר און געהט צו איהר?“.

און אַש פֿיהלט זיך טאַקי שטענדיג ווי דער בוים, ווי דאָס גראָז, ווי יעדע בעשעפֿעניש פֿון דער מאַמע־ערד, צו איהר ווענדעט ער זיינע תפֿלות, אין איהר נאָמען קומט ער צו רעדען מיט אונז. אַלץ, וואָס אויף דער ערד פּאַסירט, אַלץ וואָס אַרום איהם קומט פֿאָר, אינטערעסירט שטאַרק אַש'ן. אין אַלעס זוכֿט ער אָבער — און געפֿינט — נשמה.

פּרץ שילדערט אונז דאָס לעבען פֿון אונזער נאַקעטער נשמה.
אַש שילדערט אונז די נאַקעטע נשמה פֿון אונזער לעבען.

מיט זיין געזונדטער, קרעפֿטיגער שטימונג, מיט זיין צוגעבונדענקייט צו דער מוטער־ערד, מיט זיין רוהיגען, עפּישען שיר־השירים־טאָן דערנעהנטערט זיך אַש

אָפּט צו אונזער אלטער, אייביג־יונגער ביבעל. אַש'ס „שטעדטעל" איז אַ שטיק ערד, אַ גאַנצע „רות".

דאָ זענען ניטאָ קיין שרייענדע עפעקטען, קיין הערצרייסענדער און ריהרענדער פּאַטאָס, אַלץ איז פּלאַסטיש, מאַיעסטעטיש אָבגעטאָקט. אויף דער גאַנצער „שטעדטעל" איז אויסגעגאָסען אַ מין „עונג שבת", אַלץ גלעהט, אַרבייט, בעוועגט זיך מיט אַ בעזונדער ישוב־הדעת, בהרחבה'דיג, שבת'דיג. מען דאָ זיין אַ שרפה, מעג אָפּברענען די שול, מעג ביי ר' יהזקאל גאַמבינער אַזעקשווימען עטליכע פּלימען געהילץ, מעג מען דערטאַפּען ערגיץ נאָטען מיט ר' יהזקאל'ס „מויד" — אַלץ ווערט איבערגעגעבען מיט איין און דעמזעלבען טאָן, מיט איין און דערזעלבער ליעבע — אַלץ איז איהם נאָהענט, אַלץ איז איהם טייער, אַלץ איז איהם שען. אין אַלץ איז פערבאָרגען, פון אַלץ שפּראָצען אַרויס ווי בונטע רויזען פונקען פון געטליכער פּאָעזיע.

אַש איז אַ נאַציאָנאַלער יודישער קינסטלער. מעג ער שרייבען וועגען ליעבע, וועגען שענהייט — גאַנץ אַלגעמיין־מענשליכע און ניט ספּעציעלע יודישע אייגענשאַפטען — האָט עס דאָך ביי איהם דעם יודישען חן. די גאַנצע נאַטור איז ביי איהם אַ יודישע.

אָבער אין דער צייט, ווען מענדעלי'ס יודישע נאַטור איז אַ גלות'דיגע, אַ וואָכעדיגע, פּונקט ווי דאָס יודישע רעאלע לעבען, — אין דער זעלבער צייט איז אַש'ס יודישע נאַטור אַ שבת'דיגע, אַ נשמה־יתירה'דיגע, פּונקט ווי די נשמה פון דאָס יודישע לעבען.

אין דער נשמה איז תמיד פאַרהאַן געטליכקייט, אייביגקייט...

אַש זעהט אויך אין דער נאַטור שטענדיג געטליכעס און אייביגעס.

פון דאָס יודישע רעאלע לעבען, פון דער נאַטור האָט אַש אַראָבגעוואָרפען דעם מלבוש און די נשמה אַרויסגעצויגען. זי אַרויסגעצויגען, זיך מיט איהר בעהעפט, זי געקושט, געגלעט, פון איהר געטליכקייט געזויגען און אויף איהר ערדישעס געהוילט.

אין דער אייביגקייט האָט ער דאָס לעבען דערפיהלט; אינ'ם לעבען האָט ער דאָס „דאַזיין" דערזעהן.

אין זיינע בעסערע ווערק, ווי „שטעדטעל" און „משיח'ס־צייטען", דערנעהנטערט זיך אַש צו אַ סינטעז צווישען מענדעלי'ן און פּרצ'ן.

פון ביידען האָט ער געלערענט, ביידען האָט ער פעראייניגט.

ער האָט אי די נשמה, אי דעם מלבוש.

און ער דעקט־אויף אי די נשמה פון דער נשמה, אי די נשמה פון דעם מלבוש.

דאָס איז אמת'ע קונסט.

VIII.

ביז דער לעצטער צייט זענען פיעל פון אונזערע בעסטע פאָלקס־קינדער געוועזען איינגאַנצען אָבגעריסען פון דער אייגענער קולטור, פון דער אייגענער

ליטעראַטור און קונסט. אונזערע קינסטלער זאָגאַר האָבען געשעפּט בעגייסטערונג פֿון פֿרעמדע קונסט־קוואַלען, אין דער צייט, ווען די לעצטע האָבען זייער מקור געהאַט אין אונזער פֿערגאַנגענהייט. אַלעס פֿרעמדעס איז אונז געפֿעלען געוועזען, נאָר צום אייגענעם יחוס האָבען מיר זיך מיט פֿעראַכטונג, אין בעסטען פֿאַל, מיט קאַלטקייט פֿערהאַלטען.

ביסלעכווייז אָבער הויבט עס אָן צו ווערען אַ פֿאַקט פֿון נעכטען, אַ היסטאָרישער פֿאַקט.

עס ערוואַכען צום לעבען און ווירקען נייע פֿאָלקס־שיכטען, נייע קלאַסען.

די ברייטע מאַסען זענען שטענדיג די טרעגער און אָנזאָגער פֿון נאַציאָנאַלער קולטור, פֿון נאַציאָנאַלען שאַפֿען.

דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבעוואוסטזיין רייניגט זיך און שלייפֿט זיך, דאָס געפֿיהל פֿון נאַציאָנאַלער זעלבסט־אַכטונג פֿערהאַפֿט אַלץ ברייטערע קאַדרען פֿון אונזער המון.

יעדער קינסטלער איז שטענדיג בעאיינפֿלוסט פֿון דער קולטורעלער און סאָציאַלער סביבה, אין וועלכער ער איז געבאָרען און לעבט.

און דער אמתער יודישער קינסטלער טרעט איצט אויף וואָס ווייטער אַרויף אויפ'ן וועג פֿון נאַציאָנאַלען שאַפֿען.

ביים אָנהויב פֿון זיין אַרבייט וואַרפֿט ער אַ בליק צום עבר. אַלט זענען די מלבושים, צוריסען זענען זיי. דער קינסטלער שליידערט אַוועק אַלעס נישטיגעס, נישטווירדיגעס, אַלטעס, פֿערשימעלטעס.

ער ווענדעט זיך צו דער נשמה.

אייביג יונג איז די נשמה.

אייביג יונג איז די אמתע קונסט.



אַבנר.

# פּאַלעסטינאַ־בריעף.

דער טערמין פּאַלעסטינאַ ענטהאַלט אין זיך צוויי פערשידענע בעגריפען: פּאַלעסטינאַ און ארץ ישראל. ארץ ישראל איז די לאַנד פון אונזער עבר, פון אונזער היסטאָרישער פערגאַנגענהייט — דאָס איז אַ בעגריף אַ היסטאָרישער. פּאַלעסטינאַ איז אַ בעגריף אַ געאָגראַפישער, וואָס פּאַלט אויף אַ קאָנקרעטע לאַנד, אין געוויסע גרעניצען, וועלכע ווערען בעשטימט דורך זייטיגע סבות, מאָדערנע און היסטאָרישע, אָבער בשום אופן ניט דורך אינערליכע, ניט לויט דער בעפעלקערונג נאָך.

דאָס, וואָס ס'איז ווייט פון אונז — מאָלט זיך אונזער פאַנטאַזיע ריין, שען, אָהן פלעקען. די היסטאָרישע פּאַלעסטינאַ איז פון אונז ווייט, דעריבער שיינט זי אונז פון איהר טויזענדיאָהריגער ווייטקייט אַזוי העל, אַזוי גאַנץ און איינ׳ג, אַזוי רייצענד שען, דאָס זעלבע איז אויך מיט דער מאָדערנער פּאַלעסטינאַ: פאַר די אויסלענדישע יודען איז דאָס אַ ווייטער, האַלב־אַבסטראַקטער — און דעריבער איינהייטליכער — בעגריף. זיי וועגען תמיד נוטה צו געבען איבער איהם אַנ'אַלגעמיינע, פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע, בעשטימונג. מיר, לעבענדיג און אַרבייטענדיג אין דיזער לאַנד קענען זי — מיט אַלע איהרע לעבעדיגע חסרונות, מיט איהרע ווירקליכע מעלות; פאַר אונז איז פּאַלעסטינאַ נישט עפּוואָס גאַנצעס — נאָר אַ לאַנד, וואָס צופאַלט אויף צעהנדליגער געביטען, לויט פערשידענע סאָציאַל־עקאָנאָמישע, טעכנישע, געאָגראַפישע און עטנאָגראַפישע סימנים. דעריבער האָדעווען זיך אַזוי פיעל „אידעאַליסטען“, פּיאָנערען, חלוצים, נייע־בילו'ער, נאַציאָנאַל־גוואַרדייצעס וכדומה דאָרט, אין דער ווייטער, יענזייטיגער רוסלאַנד — און מען הערט פון זיי קיין פּיפּס ניט דאָ, אין דער רעאַלער לאַנד, פון זייערע אידעאַלע שטרעבונגען. דעריבער, טאַקי, טראָגען אַרויס אַנדערע, אידעאַליסטישע פּאַרטייען זעהר דרייסטע, טאַפּפערע רעזאָלוציעס, ווי אויסצואַגיטירען אַלע יודישע קאָלאָניסטען, זיי זאָלען צונעהמען יודישע אַרבייטער, און אין דערזעלבער צייט, בעת עס קומט „אַמאָל“ אויס די מיטגליעדער פון דער זעלבער אָרגאַניזאַציע צו בענוצען זיך מיט אַרבייטער — נעהמען זיי אויף... אַראַבישע אַרבייטער.

לאָמיר, אָבער, איבערלאָזען אָן אַ זייט די „גבורים“, און זיך ווענדען צו דעם „נידריגען המון“, און זיין געזעלשאַפטליכען לעבען. פריהער, אָבער, אַ פּאָר ווערטער

מכּה די געאָגראַפֿישע און עטנאָלאָגישע איינטיילונג פֿון דער לאַנד. הגם, איך שרײַב דאָ ניט קיין מסכת פּאַלעסטינאַ, דאָך מוז איך דאָס טון אין קורצען בכדי עס זאָלען מעהר קלאָר ווערען אויך די סאָציאַלע פֿערהעלטניסען פֿאַר די לעזער, וועלכע זענען גאַנץ אונבעקאַנט מיט דער יעצטיגער פּאַלעסטינאַ.

די לאַנד טיילט זיך פֿון אַמאָל אין די 3 טייל: יהודה, גליל און עבר־הירדן. אָט די טיילונג האָט איינגעהאַלטען איהר בעדײַטונג ביז הײַנטיגען טאָג, און בכלל רעדענדיג, האַראַקטעריזירען זיך די דערמאָנטע חלקים, לויט זייער עקאָנאָמיק, אויף דעם פֿאָלגענדען אופֿן: עבר הירדן איז די לאַנד פֿון פּאַטריאַרכאַליזם, וואו עס הערשט דער טיפּ פֿון דעם נע־ונד׳ניק, פֿון דעם ווילדען בעדואין; גליל — איז אַן אַגראַרע לאַנד, וואו עס הערשען פֿעאָדאַלע בעציהונגען, אַ לאַנד פֿון עפֿענדי׳ס און פֿעלה׳ן; אין יהודה געפֿינט איהר שוין שפּראָצען פֿון אַגראַרען און אינדוסט־ריעלען קאַפּיטאַליזם מיט אַנ׳ענטוויקעלטער טעכניק און אַ שטענדיגען לוין־אַר־בײַטער־טיפּ. פֿערשטעהט זיך, דאָס הייסט ניט, אַז אין גליל האָט זיך שוין אויסגעוועבט דער וואָגלענדער בעדואין, אָדער אַז אין יהודה הערשט פֿאָלקאָם דער קאַפּיטאַליזם. אַלענפֿאַלס איז אין עבר הירדן ניט פֿערשפּרייט די אַגריקול־טור פֿון אַ בעזעצטען עלעמענט, און אין גליל (העליון) איז כמעט גאָר קיין זכר ניטאָ פֿון דעם קאַפּיטאַליזם.

פֿאַר דעם יודישען ישוב פֿון אונזער צײַט האָט עבר הירדן כמעט קיין בעדײַטונג ניט. דאָרט איז להלוטין ניט קענטיג די איינוואַנדערונג פֿון דעם נײַעם עלעמענט. דאָרטען איז גאָר, כמעט, קיין יודען ניטאָ. אין גליל, פֿערקעהרט, זענען דאָ זעהר פֿיעל יודען פֿון דעם אַלטען ישוב, ס׳איז דאָ אויך דער נײַער, קאָלאָניאַלער, רעזולטאַט פֿון באַראָנ׳ס און יקאַ׳ס קאָלאָניזירונג. דערפֿאַר, אָבער, די אַלטע גליל׳איישע יודישע צענטרען, ווי צפֿת און טבריה, האָט די לעצטע אימיגראַציע גאָר ניט בעריהרט. די פּונקטען, וואו דער יודישער דופק קלאַפּט שוין צײַט הונדערטער יאָהרען, וואו ס׳איז דאָ, זאָגאַר, אַ געוויסער נאַציאָנאַלער צענטער (לאָמיר זיך דערמאָנען די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע יום־טוב׳ים, ווען ס׳קומען זיך אויף צעהנדליגער טויזענדער יודען פֿון דעם אומגעגענד) — האָבען נאָך ניט צוגעצויגען דעם גנאָר פֿון די ציוניסטישע אַנשטאַלטען, באַנק, אינפֿאָר־מאַציע, וכדומה, און וואַרטען יעצט, ווי זיי האָבען ביז אַהער געוואַרט אויף די שאַפֿענדע קראַפֿט, וואָס זאָל בײַ זיי אָרגאַניזירען עפּיס אַ געזעלשאַפֿטליכען לע־בען, וואָס זאָל אויפֿבלאָזען יענעם פֿונק, וועלכער גליהט דונקעל און לאַנגזאַם אין דיזע טויט־שטילע בערג.

פֿיעל גינסטיגער און גליקליכער איז די אַמאָליגע לאַנד פֿון פּלשתי און יבוסי, ד. ה. יפֿו און ירושלים מיט זייער אומגעגענד. פֿון איין זײַט האָט דאָ מכשיר געווען דעם באָדען די פֿריהערדיגע אימיגראַציע, פֿון צווייטען האָט זיך אַהערצו קאָנצענטרירט די גאַנצע נײַע איינוואַנדערונג. די גרעסטע און די בעס־טע קאָלאָניעס זענען אין יהודה. אַלעס, וואָס קומט אַרײַן אין לאַנד, שפּאַנט דורך דעם יפֿו׳ר גומראַק (פּאָרט), און עס שטעמפּעלט אָב אַ התימה אויף דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען פֿון יהודה. יעדע נײַס קומט אָן פֿריהער פֿון אַלץ אַהערצו, יעדער טעכנישער אויפֿטו, יעדע נײַע פֿאַבריק ווערט געבוירען צוערשט דאָ. דערי־

בער איז דער געזעלשאַפֿטליכער לעבען פֿון יהודה פֿיעל רייכער, זיין דופּק קלאַפּט פֿיעל שטאַרקער. גליקליכער איז יהודה אויך דערמיט, וואָס אַלע ציוניסטישע אינסטיטוטען, וועלכע זענען שוין רעאַליזירט געוואָרען, און וועלכע האַלטען ביים רעאַליזירט ווערען — האָבען פּאַקטיש זייער שווערפּונקט אין יהודה.

אַ סך צרות האָט די מענשהייט געליטען איבער אַזאַ קליינינקייט, ווי דאָס פֿערמישען פֿון פֿערשידענע בעגריפֿען. אַפֿילו קומט אויך אונז אויס צו ליידען איבער דער אונבעשטימטהייט פֿון דעם מושג (בעגריף): פּאַלעסטינאַ. ניט אַלע פֿערשטעהען גלייך דאָס וואָרט, און פֿיעל פּלגתות איז דאָ וועגען דעם. פֿאַראַן „פּאָליטיקער", „היסטאָריקער" „טוריסטען", „געאָגראַפֿיקער" און ז. וו. די ערשטע (פּאָליטיק=היסטאָריקער) זענען מעהרסטענטייל אין הו"ל — פּאַלעסטינאַ איז אָבער אויך ניט אינגאַנצען פֿריי פֿון זיי. אויף וויפֿיעל דער „היסטאָריזם" שפּיעלט אַ טעאָרעטישע ראָלע צו בעגרינדען דעם טעריטאָריאַליזם, איז אין איהם, ביי אַלע פֿעהלערען פֿון זיין מעטאָד, געוויס פֿאַראַן פֿיעל ריכטיגע פּרטים. יעדענפֿאַלס איז ער טעאָרעטיש ניט שעדליך. ווען ער געהט, אָבער, אַריבער אין דעם געביעט פֿון פּראַקטיק, ברייננגט ער מיט אַ גאַנצען מישמאַש, און רופֿט אַרויס ניט וועניג אַבסורדען. באמת, אויב מיר שטעלען זיך פֿאָר דעם ציוניזם, אַלס אַ ריין „היסטאָרישען" שטרעבען פֿון „ושבו בנים לגבולם", לערנען מיר דערפֿון גאָרנישט, וואָס איז דער צענטר פֿון אונזער טעטיגקייט, פֿון וואָס אָנהויבען, מיט וואָס אויסלאָזען. ס'איז גרויס די נאַציאָנאַלע מצוה פֿון ישוב א"י — דאַרף מען מאַכען קאָלאָניעס: וואו, אין וועלכען פּונקט פֿון דער לאַנד, מיט וואָס פֿאַר אַ סיסטעם — דאָס זענען שוין פּרטים, וועלכע אינטערעסירען ניט די היסטאָריע. ס'איז וויכטיג די „גאולת=הארץ" — דאַרף מען אויסקויפֿען יעדעס שטיקעל לאַנד, וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען ארץ=ישראל, וואו ס'זאָל ניט זיין: אין עבר הירדן, הורן, ג'ולן; — וואָס מאַכט עס אויס, אַבי ס'איז דערמאָנט אין תנ"ך — אַזוי דיקטירט די „היסטאָרישע" לאָגיק. די דאָזיגע אונבעשטימטהייט האָט געבראַכט צו אַ מורא'דיגען צוברעקלען פֿון די קרעפֿטען. עס זענען ענטשטאַנען גלייכצייטיג אין 4 פֿערשידענע ווינקלעך פֿון לאַנד קליינע קאָלאָניען=גרופּען, וועלכע זענען אומעטום אַ מיעוט — און בטל בששים. ווידער, די לאַנד, וועלכע איז וויט, אָבגעריסען פֿון אַ יודישען ישוב — מוז אינבעדינגט בלייבען אונבעאַרבייט בכלל, אָדער — הירך יודען בפּרט: דאָס איז פֿאַר איינע אַ קליינינקייט, אַבי די אויסגעקויפֿטע לאַנד טראָגט אַ נאַציאָנאַלען נאָמען, אין בעסטען פֿאַל, אַ נאָמען פֿון נאַציאָנאַלען אייגענטום.

איך רעד שוין דאָ ניט וועגען יענע מאָדנע נאַציאָנאַליסטען, וואָס טיילען איין די קדושה פֿון א"י אין גראַדוסען, וועלכע טענה'ן, אַז מען דאַרף אויסקויפֿען היסטאָרישע פּלעצער. פֿאַר אַזעלכע איז די היסטאָריע טייערער פֿאַר דעם לעבען — און זיי זענען דאָ וועניג פּאָפּולער, מיט זייער טויטען פּיעטיזם...

שוין פֿיעל פֿערשטענדליכער און נעהענטער צום לעבען איז דער אַזוי=גערופֿענער „פּראַקטישער" ציוניזם. לסוף זענען אויך די ציוניסטען צוגעקומען צו דעם געדאַנק, אַז ס'איז וועניג די הויכע דיפּלאָמאַטיע פֿון סטאַמבול, שוין צייט צו בעקומען אַ רעאַלע ווירקונג אויף דעם אָרטיגען לעבען. די יודישע

געמיינדע אין טערקײַ — איז אויטאָנאָם. בעקומען אַ ווירקונג אויף איהר אין טערקײַ גופא, אָרגאַניזירען זי מעהר דעמאָקראַטיש, דאָס הייסט, אויפטון זעהר וויכטיגעס, דאָס הייסט, שטיצען זיך אויף עטוואָס מעהר שטאַנדהאַפטיגעס איידער דער צופעליגער דיפּלאָמאַטישער גליק, פון יפיטערס געגנאָד, אין יפיטער'ס צאָרן. דאָס זעלבע איז ריכטיג בנוגע אויך צו דער אָרטיגער פערוואַלטונג, אין וועלכען די יודען זענען כמעט אבסאָלוט ניט פערטראָטען *). פאַר יעדען, וואָס איז מעהר ווייניג בעקאַנט מיט טערקײַ, איז קלאָר, ווי וויכטיג ס'איז דער ווירקען אויף דעם אָרטיגען לעבען אין אַזאַ דעצענטראַליזירטער מדינה. צום אומגליק, איז אויך דער דאָזיגער ריכטיגער געדאַנק, וועלכען די פּועלי-ציון שטעלען דאָ כסדר אַרויס — נאָך נישט אַריבער ממחשבה למעשה. און אַפילו דאָ, וואו ס'איז נויטיגער פון אומעטום, און מעגליכער פון אומעטום — אין יפו — איז נאָך אויך גאָרנישט אין דעם זינן ניט דערגרייכט, און זעהר ווייניג געפּרואווט צו דערגרייכען.

די אָרגאַניזירונג פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג בעגעגענט, געוויס, זעהר פיעל שוועריגקייטען, איגערליכע און אויסערליכע. מיט זיי וועט מען האָבען שאַרף און מוטיג צו קעמפען, — דאָך איז די אָרגאַניזירונגס-טעטיגקייט אין פּאַלעסטינאַ גופא דער איינציגער רעאַלער וועג פון „רעאַליזאַציע". אין דעם זענען פעראינטערעסירט די גרעסטע יודישע שיכטען, און אויב די ציוניסטען וועלען זיך ווירקליך נעהמען פאַר דער אַרבייט, וועלען זיי דערמיט ווייזען, אַז זיי זענען שוין באמת אַרויסגעוואַקסען פון די „דיפּלאָמאַטישע" ווי-קעלעך. ס'איז אויך איבריג צו ריידען, אַז דערמיט וועלען זיי בעקומען דעם מיטהילף פון פּאַלעסטינער אַרבייטער, וואָרום נאָך איידער זיי האָבען אָנגעהויבען צו טראַכטען מכה דעם — האָבען די אָרטיגע פּועלי-ציון — שוין לאַנג אָנגעהויבען צו טון אין דעם געביעט — ההיינו, אין דעם אָרגאַניזירען פון די לעבעדיגע עלעמענטען אין ארץ ישראל.

———————

די לעצטע צייט צייכענט זיך אויס ביי אונז איבערהויפּט מיט אַרבייט אין דער דאָזיגער ריכטונג. דעם פאָריגען יאָהר נאָך האָבען פּועלי-ציון פיעל געאַרבייט, אום צו אָרגאַניזירען דעם „אַרבייטער-פערבאַנד", דערנאָך — די פּראָפעסיאָנעלע אַרבייטער-פעראיינען. בעזונדערס האָט זיך די דאָזיגע טעטיגקייט ענטוויקעלט היינטיגען ווינטער. די בעוואוסטזיניגע אַרבייטער האָבען בעגעגענט אָט די איניציאַטיווע מיט אַ גאַנץ פריינדליכער שטימונג: עס זענען רעסטאַווירט געוואָרען די אַלטע, און געשאַפען געוואָרען נייע פעראיינען. יעצט עקזיסטירען שוין אין יפו גופא 3 פאַך-פעראיינען: סטאָליער, שוסטער, שניידער, און איין געמישטער אַרבייטער-פערבאַנד. אין ירושלים איז דער געזעלשאַפטליכער לעבען

*) פון די 8 פערטרעטער אין שטאָדט-פערוואַלטונג פון יפו (בלדיה), זענען 5 מוסלימ'ער און 3 נוצרים, הגם יודען איז אין יפו ניט ווייניגער פאַר נוצרים (בערך 7000), דאָס איז אַ שרייענדער פאַקט.

אין געגענוואַרט ניט אַזוי ענטוויקעלט, הגם אין צוקונפֿט האָט ירושלים געוויס בעסערע אויסזיכטען ווי יפֿו, דען זי צעהלט אַ סך מעהר יודען בכלל און אַרבײַטער בפֿרט. פֿאָרלויפֿיג האָט זי נאָר אַ פּאָר אָרגאַניזירטע פֿאַכען. אַם בעסטען שטעהט דאָ דער דרוקער-פֿאַך, וועלכער איז נאָך יונג, און האָט פֿונדעסטוועגען שוין אָנגעזאַמעלט אַ גאַנץ היבשען פֿאָנד, אַזוי דאָס ער קאָן דינען פֿאַר אַ בײַשפּיעל פֿון טעטיגקײַט פֿאַר פֿיעל אויסלענדישע פֿעראײנען. אין דעם פֿעראײן געהען אַרײַן אויסשליסליך, כמעט, ירושלימ'ער געבוירענע, אַ פֿאַקט פֿון אַ גרויסער בעדײַטונג פֿאַר'ן צוקונפֿט. דער פֿעראײן האָט אַראַנזשירט הנכה אַנ'אָבענד, פֿון וואַנען די הכנסה איז אַרײַן לטובת דעם פֿעראײן „פּועלי-הדפּוס". דער פֿעראײן האַלט אין וואַקסען, ער צעהלט יעצט ביז 45 חברים, פֿאַר ירושלים אַ בערך גרויסע צאָהל.

די אויפֿגאַבע פֿון די פֿעראײנען איז איבערהויפּט אַ עקאָנאָמישע: צו פֿערבעסערען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון זייערע מיטגליעדער. אין אײניגע פֿאַלען האָט שוין דער פֿאַקט גופֿא פֿון פֿעראײניגונג, אָהן אַנדערע מיטלען געבראַכט צו דעם פֿערגרעסערען פֿון דער פּרײַז פֿאַר אַרבײַט. דאָס איז פֿאָרגעקומען בײַ די שנײַדער, בײַ די סטאָליער און אין אַנדערע פֿאַכען. ווידער האָט די אָרגאַניזירונג גלײַך מיטגעבראַכט די פֿערקירצונג פֿון די אַרבײַטס-שטונדען, ווי צ. ב. בײַ די דרוקער-אַרבײַטער אין ירושלים, וועלכע האָבען דורך זייער אָרגאַניזירונג געצוואונגען די בעלי-בתים צו רעכנען זיך מיט זיי, ווי מיט אַ קראַפֿט. ווײַטער, איז זעהר וויכטיג פֿאַר דעם יודישען אַרבײַטער אין פּאַלעסטינאַ צו קוואַליפֿיצירען זיך, בילדען זיך אין זײַן פֿאַך. דאָס געהט אויך אַרײַן אין דעם טעטיגקײַטס-פֿעלד פֿון אַלע פֿעראײנען.

די אַגודות אין יפֿו האָבען זיך פֿערבונדען, כדי צוזאַמען דורכצופֿיהרען די געמײַנזאַמע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אויפֿגאַבען — אין די „ברית אַגודות האומנות" (פֿעראײניגטע אונפּאַרטײַאישע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציאָנען). פֿון יפֿו און אויסגעוועהלט אַ געמײַנזאַמען ביוראָ. אין דער פֿערבינדונג פֿון די פֿעראײנען, ווי אויך אין זייער אָרגאַניזירונג האָבען פּועלי-ציון גענומען זעהר אַ ענערגישען אַנטײַל. דאָס ביוראָ פֿון די פֿעראײנען האָט די אויפֿגאַבע צו פֿערפֿעסטיגען די פֿעראײניגונג, שאַפֿען נײַע פֿעראײנען, אָרגאַניזירען אינלענדישע אינפֿאָרמאַציע און ד. גל. יעצט האָט דאָס ביוראָ געשאַפֿען אָבענד-קורסען פֿאַר צײַכנען, וואָס ס'איז העכסט וויכטיג פֿאַר אײניגע פֿאַכען ווי סטאָליער און אַנד. ער האָט אויך אָרגאַניזירט די ביבליאָטעק. זײַן עקזיסטענץ האָט דאָס ביוראָ בעשטעטיגט מיט דעם חנוכה-אַרבײַטער-אָבענד, וועלכער האָט געמאַכט אַ גוטען רושם אויף אַלע, וואָס האָבען זיך אין איהם בעטײַליגט — און מיט דעם אויפֿרוף צו די יפֿו'ער אַרבײַטער.

ס'איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, דאָס אין די פֿעראײנען געהט אַרײַן ניט נור דער אימיגראַנטען-עלעמענט, אַ פֿאַקט וועלכער וואַרפֿט זיך אין די אויגען אין אַלע היגע חברות — עס זענען אַרײַנגעצויגען געוואָרען און נעהמען יעצט אַנ'אַקטיווען אַנטײַל אין די פּראָפֿ. אָרגאַניזאַציעס פֿיעל היגע געבוירענע, אשכנזים, תימנים, ספֿרדים. קומט איהר אַרײַן אויף אַ פֿערזאַמלונג פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלען

פֿעראַיין בעמערקט איהר, בעוואונדערט, סאַמע פֿערשידענע טיפּען און אַנצוגע. אָנגעכט מזרח=בגד, אַ רויטע פֿעס מיט אַ פֿערגורטען האַלאַט — נעבען אַ אייראָפּייאישען אַנצוג, שוואַרצע פנימ'ער, פֿערברענטע מיט דער מזרח=זון פֿון תימן, אַשור בבל — אָפּטמאָל שטריימלעך מיט פאות'ן...

דאָ איז דער אָרט אָנצוצייגען, דאָס אין די קאָלאָניעס קאָן וועגען פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פֿון אַגראַרע אַרבייטער קיינע רעד ניט זיין. ערשטענס, זענען זיי ניט ספּעציאַליזירט אין זייער פֿאַך — איך רעד וועגען דער גרויסער מאַסע — ווידער, די אַרבייט אויף די פּלאַנטאַציעס (וואו ס'איז שוין יע דאָ אַ ספּעציאַליזירונג) איז זעהר אינדיווידועל, אַזוי, דאָס עס איז אונמעגליך די אַרבייטער פֿון אָט די פֿאַכען צו אָרגאַניזירען. אמת, אויך דאָ איז ניט געווען קיין מאַנגעל אין פֿערזוכען, ווי צ. ב. ש. דער „ההורש“ אין גליל, — נאָר ס'איז אַ סיזיף=אַרבייט!..

פֿון די איבעריגע עקאָנאָמישע פֿראַגען, וואָס שטעהען ביי אונז יעצט אויף דער טאַגעס=אָרדנונג, איז די וויכטיגסטע — די פֿראַגע וועגען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען, מען שמועסט וועגען קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, קיכען א. ד. גל. דאָ אַייל איך זיך צו מאַכען אַ קליינע בעמערקונג. איך גלויב, אַז אורטיילענדיג נאָך דעם מבול מיט מאמרים, וועלכער איז אַרויסגערופֿען געוואָרען צוליעב דער דאָזיגער פֿראַגע, בעזונדערס, אין אונזער אַמעריקאַנער פּרעסע, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ס'איז שוין עפּיס אויפֿגעטון געוואָרען אין דער הינזיכט אַ וועלט, — אין דער ווירקליכקייט אָבער הויבט זיך עס גאָר ניט אָן; לא דבים ולא יער. די הויפּט=טוערס אין דעם ענין זענען די צעירי ציון פֿון ארץ ישראל, אָדער ווי זיי הייסען דאָ — די הפועל=הצעיר — און נאָך איניגע פּריוואַטע פּערזאָנען. די ערשטע האָבען געמאַכט אַ קיך. דער אומגליק איז אָבער, 1), זי האַלט ביי אונטערגעהן, 2) זי... איז ניט קיין קאָאָפּעראַטיווע, נור אַ פּריוואַטע, געהערט צו דער ירושלים'ער אָרגאַניזאַציע פֿון הפ. הצ. ווייטער, רעדט מען יעצט וועגען אַ קאָאָפּעראַטיווער קראָם. עס זענען שוין געווען אַ פּאָר פֿערזאַמלונגען און ס'איז שוין אויך זאָגאַר אויסגעוועהלט אַ בורא, וואָס האָט זיך צו פֿערנעהמען מיט'ן פֿערשפּרייטען אַקציעס פֿון דער דאָזיגער צוקונפֿטס=געזעלשאַפֿט. צום גרעסטען בעדויערען, איז אָבער עד=היום קיין שפור ניטאָ פֿון זייער טעטיגקייט, הגם ס'איז שוין ב"ה אַריבער כמעט 3 חדשים זינט מען האָט אויסגעקליבען דאָס בורא. סליחה, איין זאַך איז יאָ אָבגעטאָן: ס'איז שוין פֿאַראַן אַ קאָרעספּאָנדענץ (ניט גאָר קיין ריכטיגע) אין „ראַזסוועט“ וועגען דער דאָזיגער אַמאָליגער רעזאָלוציע... דאָס זענען טאַקי באמת אַלע רעאַלע טריט פֿון אונזער קאָאָפּעראַטיווער טעטיגקייט, איבער וועלכע מען קעהרט וועלטען.

צו איז דאָס ווירקליך אַ צופֿעליגקייט, וואָס די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען פֿון אַרבייטער געהען דאָ ניט אַיין? דערווייל, קאָן מען אונז זאָגען זענען דערין שולדיג נור די איניציאַטאָרען. איין זאַך איז אָבער פֿאַר אונז קלאָר: קאָאָפּעראַטיווע אַרבייטער=אונטערנעהמונגען זענען מעגליך דאָרטען, וואו דער אַרבייטער איז ווירקליך אימשטאַנד עפּיס אָבצושפּאָרען פֿון זיינע פֿערדיענסטען, דאָרטען, וואו ער איז אַביסעל צוגעוועהנט צום געזעלשאַפֿטליכען לעבען, וואו

ס'זענען שוין פֿאַראַן פֿעסטע אַרבייטער=אָרגאַניזאַציעס. דאָרט אָבער, וואו דער פֿערדינסט איז זעהר קליין, דער אַרבייטער איז נאָך רוי, וואו זיין עקאָנאָמישע לאַגע איז נידעריג, וואו ער האָט קיין מעגליכקייט ניט עפּיס אָבצושפּאָרען אויף מאָרגען — דאָרטען טאָר מען ניט דענקען אויפֿצוטון עפּיס דורך אַרבייטער=קאָאָפּעראַציעס. אמת, אַביסעל קאָנען זיי איהם יע פֿערגרינגערען זיין לאַגע — דאָס איז אָבער נור אין דעם זין פֿון הוצאות. דעריבער טאָר מען נישט מגזם זיין דעם ערך (ווערטה) פֿון די קאָאָפּעראַציעס. כּל זמן די הכנסות זענען קליין — איז דער וועג פֿון פֿערקלענערן די הוצאות — אַ אונבעדייטענדער פּאַליאַטיוו. אַלס אַזעלכע, מוז מען איהם, על צד האמת, אַנערקענען. אָבער, אַז מען רעדט שוין יע וועגען אָבשפּאָרען, דאַרפֿען מיר דאָך ניט פֿערלייקענען דעם אמת, דהיינו, אַז דאָס איז ניצליך ניט נור פֿאַר אַרבייטער, נור אויך פֿאַר קליינע בעלי=מלאכות, איבערהויפּט, פֿאַר קאָלאָניסטען, ווי אויך פֿאַר קליינע סוחרים. זיי אַלע ווערען בעגלייך „בעריסען“ פֿון די סוחרים פֿון עסענוואַרג, פֿון דירות=בעלי=בתים א. ד. ג. דעריבער איז פֿאַר זיי אַלעמען וויכטיג צו האָבען קאָאָפּעראַטיווע קלייטען וכדומה. דער עיקר איז, צו ס'איז מעגליך דאָס פּאַקטיש דורכצופֿיהרען. שרייען, אַז מען דאַרף דאָס אָדער עטוואָס אַנדערש, וואָס טראָגט אויף זיך אַ שענעם נאָמען — דאָס איז גאָר קיין קונץ ניט. פֿיעל שווערער איז עס אָבער דורכצופֿיהרען אין לעבען, און דאָס האָבען אונזערע „טוער“ דערווייל ניט געפּרואווט צו טון.

איך געה איבער צו אונזער קולטורעלען לעבען.

די לעצטע צייט קומען ביי אונז פֿאָר גאַנץ אָפֿט רעפֿעראַטען, עס ווערען געשטעלט מוזיקאַל=ליטעראַרישע אָבענדען. אין יפו האָבען די פּועלי=ציון געמאַכט 15 שבט צוערשט אַ פֿערזוך פֿון אַ פֿאָלקס=אָבענד, מיט „טומאַנע בילדער“; דער אָבענד איז בעזוכט געוואָרען דורך אַ גרויסע אַרבייטער=מאַסע, און האָט איבער=געלאָזען נאָך זיך אַ גוטען רושם. אין יפו זענען פֿאַר דער לעצטער צייט פֿאָר=געלעזען געוואָרען אַ גאַנצע רייהע רעפֿעראַטען און פֿאָרלעזונגען: וועגען דער מעגליכקייט פֿון אַ פּאַלעסטינאַ'ער סאָציאַל=דעמאָקראַטיע (בן=צבי); וועגען דעם יודישען אַרבייטער אין אַמעריקאַ (ק. ימאַרמאָר); וועגען דער לאַגע פֿון די יודישע אַרבייטער אין ארץ=ישׂראל (ז. סמיליאַנסקי); קלאַסענקאַמפּף און נביאים (ק. מאַרמאָר). אויף דיזע און אויך אַנדערע טהעמאַ'ס זענען געלעזען געוואָרען רעפֿע=ראַטען אויך אין ירושלים, פּתח=תקוה, ראשון לציון.

דאָס אַליץ קאָנען מיר זיך פֿערגינען און אויספֿיהרען; איין זאַך קאָנען מיר די לעצטע צייט ניט אויספֿיהרען — טעאַטרען. אַנ'אומגליק מיט דער טערקישער רעגי=רונג! אַליץ איז ביי איהר טרפֿה: אַ סאָציאַליסטישע טעמאַ — טרייף, אַ ציוניסטישע — אויך טרייף. האָט מען געוואָלט שטעלען דר. שטאָקמאַן — איז ווידער טרפֿ'ה. אויף אַראַביש, זאָגט מען, וואָלט מען איבסען'ען יע ערלויבט, איז אָבער אַ נייע צרה: ס'איז ביי אונז ניטאָ פֿון נייעם ישוב אַ יוד, וואָס זאָל קענען אַראַביש*)...

*) איך מיין דאָ נישט, חלילה, צו פּאָלעמיזירען מיט יענעם קלוגען שרייבער, וואָס ווייזט אָן (שלח חכרת ק"א—ק"ב „חשש“) אויף דער שרעקליכער געפֿאַהר פֿון אסימילאַציע מיט די אַראַבער: זיין קשיא איז טאַקע אודאי אַ קשיא!

פֿון די איבעריגע קולטור-ערשײַנונגען פֿון דער לעצטער צײַט דאַרף מען אָנווײַזען אויף דעם בלאַט „הפּועל-הצעיר“. פֿאָרלויפֿיג זענען דאָ נור צוויי נומערען און עס גיט זיך נאָך ניט צו בעשטימען וואָס דאָס איז: די וויכטיגסטע אַרטיקלען האָבען זיך נאָך ניט געענדיגט, און וועגען דאָס, וואָס ס'איז פֿאַראַן איז ניטאָ וואָס צו זאָגען... איין זאַך איז דאָ צו בעוואונדערען: צוליעב וואָס שאַפֿט דער הפּ. הצ. בעזונדער אַ אָרגאַניזאַציע, און פֿאַרוואָס טראָגט זײַן אָרגאַן אַנ'אַרבײַטער-נאָמען. די „צעירי-ציון“ און „תהיה“ פֿון רוסלאַנד זענען שוין פֿיעל אָרענטליכער אין דעם פּרט, דען זיי קלעפּען זיך ניט אַרויף קיינע אַנטליהענע קאָקאַרדען. אין דער אמת'ן, צו דען ציוניסטען, סײַ יונגע, סײַ אַלטע, זענען וועניגער פֿער-אינטערעסירט אין דעם „פֿערכאַפּען אַלע אַרבײַטס-געביעטען אין לאַנד — אין יודישע הענד“ (פּראָגראַמה של ה"ה), ווי הפּ. הצ.? דאָס איז דאָך, ווי ס'איז בעקאַנט אויך די הפּועל-הצעיר, פּונקט אַזוי שווער, זענענדיג אַ הפּ. הצ. — ווי אַ בורזשואַזער ציוניסט: ווײַטער, אַגיטירען די קאָלאָניסטען, זענענדיג אַנ'אַלגעמיינער ציוניסט איז געוויס נאָך גרינגער אַלס אַ הפּ. הצ. אַגיטירען די ספרדים, די תימנים און בכלל די אונפּראָדוקטיווע יונגע לײַט, זיי זאָלען פּראָדוקטיוו ווערען — וואָס פֿאַר אַ העכערער צוועק קאָן נאָך זײַן פֿאַר אַ ציוניסט? — דעריבער קומט אונז פֿאָר דער גאַנצער אַרבײַטער-מאַסקאַראַד אין בעסטען פֿאַל — קאָמיש.

ווי ס'זאָל ניט זײַן, איז יעצט זעהר וויכטיג פֿאַר פּאַלעסטינא אַנ'אמת'ער אַרבײַטער-אָרגאַן, וועלכער זאָל איהם באַקענען מיט דער אַלגעמיינער אַרבײַטער-פֿראַגע, בעזונדערס מיט דער פּראָפֿעסיאָנעלער ליטעראַטור,—פֿון דעם צווייטען זײַט—בעקענען נעהנטער טאַקי מיט פּאַלעסטינא גופֿא, וועלכע איז ליידער עד-היום פֿאַר איהם אַ גאַנץ אונבעקאַנטעס געביעט. ס'קאָן זײַן, אַז פֿאָרלויפֿיג וואָלט פֿאַר דעם דאָזיגען צוועק געווען נאָך נויטיגער אַ מין אַרבײַטער-ביבליאָטעק, וועלכע זאָל געבען פֿאַר דער יודישער מאַסע אין פּאַלעסטינא פֿערשידענע וויסענשאַפֿטליכע ידיעות פֿון פּאַלעסטינא גופֿא און פֿון דער גרויסער וועלט — אַלץ אָבער צוגעפּאַסט צו דעם היגען פֿערשטעהן, צו דער קולטור-מדרגה פֿון דעם אָרטיגען עלעמענט.

צום סוף — אַ אינטערעסאַנטער פֿאַקט. מיר האָבען אַ פּלשתינא-ראַטה וועלכער האָט בדעה צו זײַן אַ פֿאָרשטעהער פֿון די אינערליכע קרעפֿטען פֿון ארץ ישׂראל. אַז מען האָט אָט די הלכה געלערנט למעשׂה, איז אויסגעקומען — אויף 4 פֿאָרשטעהער פֿון אינלענדישע אָרגאַניזאַציעס 9 פֿאָרשטעהער פֿון אויסלענדישע חברות (חוץ די 7—6 קאָאָפּטירטע). בעת דאָס אויבענדערמאָנטע ביוראָ פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿעראיינען האָט זיך געווענדעט צום ראַטה, מען זאָל אויך איהם צולאָזען צו די זיצונגען פֿון ראַטה מיט שטימרעכט, האָט דער ראַטה, לויט דער בעשטימונג פֿון דער מעהרהייט, איהם אין דעם ענטזאַגט אויף דעם סמך, וואָס דאָס ביוראָ טראָגט אַ פּריוואַטען כאַראַקטער, שטרעבט צו פֿערטיידיגען די אינטערעסען פֿון זיינע אָרגאַניזירטע מיטגליעדער — און עקזיסטירט נור אין יפֿו.. דער ראַטה האָט געהאַט די העזה אָט דאָס צו זאָגען, בעת אין איהם געהען אַרײַן פֿאָרשטעהער פֿון כּרמל, באַנק און ד. גל. דערפֿון לערנען מיר צוויי זאַכען: 1) אַז כּדי צו האָבען אַ דעה אין פּאַלעסטינא-ראַטה איז

פֿיעל וויכטיגער צו זיצען אין אויסלאַנד, איידער אין יפו; 2) אַז דער באַנק און כרמל זענען גישט אויסען קיין ריוח — ד. ה. זיי זענען ריין-פֿילאַנטראָפּישע געזעלשאַפֿטען.

הינט אַלע זאַכען, הינט אַלע טעמים פֿון ענטזאַגען איז האַראַקטעריסטיש, דאָס אויף דעם סמך פֿון די דאָזיגע הסרונות האָט מען ענטזאַגט אַנ'אַרבייטער-אָרגאַניזאַציע, הגם די פֿערטרעטונג פֿון אַרבייטער, איז אינ'ם ראַטה אַ מינימאַלע. הקיצור, ביי אונז ווערט דאָ געשאַפֿען אַ שפּאָגעל-נייע ביוראָקראַטיע!

ס'איז גראָד דערהוייל ניט אַזוי געפֿערליך, ווי לעכערליך....

## ב. באָרוכאָוו.

# צו דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע

## אין בעלגיען.

עס איז ווידער וויכטיג צו ערפֿאָרשען די נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין אַלע אידרע שאַטירונגען. פֿאַר אונז, יודישע פּראָלעטאַריער, וועלכע וואָהנען אין רוסלאַנד עקזיסטירט אַ נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין רוסלאַנד — פֿאַר אונז, יודישע פּראָלעטאַריער, וועלכע וויסען, אַז אונזער בעסערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צוקונפֿט ליעגט אין פּאַלעסטינאַ, עקזיסטירט אַ נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין טערקיי בכלל און אין ארץ-ישראל בפֿרט. אָבער דיזע ביידע נאַציאָנאַל-פֿראַגען, וואָס בעדירען אונז אַם טיעפֿסטען, — די רוסלענדישע און די טערקישע, זענען ענטשטאַנען ביי ניט גענוג הויך ענטוויקעלטע פּראָדוקטיוו-קרעפֿטען, ניט אויף דער העכסטער מדרגה פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. טערקיי איז שטאַרק אָבגעשטאַנען אין אַלע הינזיכטען, זי פֿערדיענט בשום אופֿן ניט דעם נאָמען פֿון אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד. רוסלאַנד געהערט שוין געוויס צו דער אַלוועלטליכער משפּחה פֿון די לענדער, וועלכע ציהען זייער היונה, עקספּלואַטירענדיג די אַרבייטס-קראַפֿט פֿונ'ם לוין-אַרבייטער, אָבער דאָך האָט זי נאָך אַנ'איבער-גרויסע לאַנדווירטשאַפֿטליכע בעפֿעלקערונג און טראָגט נאָך הויפּטזעכליך דעם כאַראַקטער פֿון אַנ'אַגראַר-ווירטשאַפֿטליכעס גאַנצעס. אונזער נאַציאָנאַלעס פּראָגראַם מוזען מיר צופּאַסען צו די יעצט געגעבענע בעדינגונגען פֿון די ביידע לענדער. דער פּראָלעטאַריאַט קוקט אָבער אין דער ווייטער צוקונפֿט, און מוז בויען זיין פּראָגראַם ניט נור שטיצענדיג זיך אויף דער געגענוואַרט, נאָר אויך אויף די טענדענצען פֿון דער צוקינפֿטיגער ענטוויקלונג.

ווי אַזוי עס וועלען אָבער אויסקוקען די נאַציאָנאַלע פֿערהעלטניסען אין דער צוקונפֿט, קאָנען מיר וויסען נור דאַן, ווען מיר וועלען ערפֿאָרשען די פֿאָרטגעשריטענערע לענדער, וואו ס'עקזיסטירט אויך די דאָזיגע פֿראַגע און האָט בעקומען איהר ווייטערדיגע ענטוויקלונג. איב מיר ווילען אויסמיידען פּוסטע השערה.

אין זיך שטיצען אויף גרינדליכען פּאַקטישען מאַטעריאַל, קומט אונז אויס זיך צו ווענדען גלײַך צו דיזע פּאָרטגעשריטענע לענדער. איינע פון זיי — נעמליך עסטרײַך — האָט מען אין דער רוסישער און יודישער ליטעראַטור שוין גאַנץ גענוי בּעשריבּען; אַזוי ווי מיר קאָנען זאָגען, דאָס די געגענוואַרט פון עסטרײַך איז פאַר רוסלאַנד אַ גאַנץ נאָהענטע צוקונפט — ווײַל עסטרײַך געפינט זיך, ניט אויף אַ פיעל העכערער מדרגה פון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, ווי רוסלאַנד, — איז טאַקי זעהר נוצליך צו פאַנאַנדערקלײַבען זיך אין די עסטרײַכישע צושטענדען. דאָס האָט מען, זאָגען מיר, שוין גענוג געטון אין דער ליטעראַטור. אָבער, ווידער טאַקי, אונז מוז אינטערעסירען ניט נור די נעכסטע צוקונפט פון דער נאַציאָנאַל-פראַגע; ניט נור מיר בּרויכען צו בּעלײַכטען די לאַגע אין עסטרײַך, וואו דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף פלאַקערט שוין זײַט זעכציג יאָהר און קאָן נאָך אַלץ ניט קומען צו אַ בּעפרידיגענדען אויסוועג; אונזער אויפגאַבּע איז ניט נור צו ערפאָרשען, ווי עס זעהט אויס דיזעס וויכטיגע פּראָבּלעם דאָרט, וואו עס איז נאָך גאַנץ ווײַט בּיז זײַן לעזונג; ניין — מיר מוזען נאָך זוכען, פּילײַכט זענען פאַראַן אַזוינע לענדער, וואו דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף האָט אַ מאָל געבּרענט, און יעצט האָט ער זיך אײַנגעשטילט; מיר מוזען אַ קוק געבּען, ווי עס זעהען אויס די נאַציאָנאַלע פערהעלטניסען אין אַזעלכע לענדער.

אַזאַ לאַנד עקזיסטירט; דאָס איז בּעלגיען. מיר האָבּען אָט ערשט געזאָגט, דאָס אין דער נאַציאָנאַלער הינזיכט איז עסטרײַך׳ס געגענוואַרט — רוסלאַנד׳ס נאָהענטע צוקונפט; מיר קאָנען אויך זאָגען, דאָס אין דער נאַציאָנאַלער הינזיכט, איז בּעלגיען׳ס געגענוואַרט — רוסלאַנד׳ס ווײַטערע צוקונפט. לערנענדיג די בּעדינגונגען פון עסטרײַך, בּעקומען מיר די מעגליכקײַט צו שאַפען זיך אַ קלאָרערען בּעגריף מכּח די ענטוויקעלטע פאָרמען פונ׳ם נאַציאָנאַלען קאַמפּף; לערנענדיג די בּעלגישע בּעדינגונגען, הויבּען מיר אָן צו פערשטעהן, צו וואָס עס בּרענגט דער נאַציאָנאַלער פריעדען.

דעריבּער געפינען מיר פאַר נוצליך צו בּעקענען די חברים-לעזער מיט דעם דאָזיגען קלײנעם לאַנד, וועלכעס האָט אין זיך אַזוינע גרויסע קרעפטען, מיט׳ן קלײנעם פאָלק, וועלכער גיט אונז אַזעלכע גרויסע בּײַשפּיעלען אין אַלע הינזיכטען פונ׳ם געזעלשאַפטליכען לעבּען[1].

---

[1]) מיר בּרענגען די נאָכפאָלגענדע ציפערן בּנוגע בּעלגיען פון דער אָפיציעלער בּעלגישער סטאַטיסטיק, וועלכע איז ערשיענען אויפ׳ן גרונד פון דער פאָלקסצעהלונג פון 31 דעצעמבּער 1900 יאָהר, אין צוויי גרויסע בּענדער. די ציפערן, וועלכע אָנבּעלאַנגען דײַטשלאַנד, זענען גענומען געוואָרען פון דער דײַטשלענדישער סטאַטיסטיק פון 1895 יאָהר; בּנוגע וועלכע מיר האָבּען אויסגענוצט אַנדערע קאָמפּילאַטיווע ווערק, און די עסטרײַכישע ציפערן נעהמען מיר פונ׳ם זעקס-און-זעכציגסטען בּאַנד פון דער אָפיציעלער עסטרײַכישער סטאַטיסטיק (אויפ׳ן גרונד פון דער פאָלקסצעהלונג פון 31 דעצעמבּער 1900 יאָהר). ווײַטער, איז זעהר וויכטיג אָנצואווײַזען אונזערע לעזער, דאָס די בּעלגישע סטאַטיסטיק גיט אָן נור אַבּסאָלוטע ציפער׳ן און וועגן-ניט-וועגן די פּראָצענטען; די פּראָצענטען האָבּען מיר אַלוא אַליין אויסגערעכענט. אויסער דעם,

אין דער קאַפּיטאַליסטישער הינזיכט איז בעלגיען (אויסער ענגלאַנד) דאָס ענטוויקעלטעסטע לאַנד פֿון אייראָפּאַ.

דאָס קאָנען מיר זעהן פֿון די פֿאָלגענדע ציפֿערן: די מיטעלע געדיכטקייט פֿון דער בעפֿעלקערונג איז געוועזען אין 1890 יאָהר (ווען אין פֿיעל לענדער זענען געוועזען גלייכצייטיג פֿולע אָדער טיילווייזע צעהלונגען): אין עסטרייך 79,6 מענשען אויף איין קוואַדראַט־קילאָמעטער, אין פּרייסען 86, אין גאַנץ דייטש־לאַנד 91,5, אין האָלאַנד 138,7, אין ענגלאַנד (מיט וועלס) 192, אין בעלגיען — 206; (אין רוסלאַנד איז די ציפֿער געוועזען אין 1897 יאָהר — 19). אַביסעל שפּעטער איז די מיטעלע געדיכטקייט געוועזען אין דייטשלאַנד (אין 1895 יאָהר) 105 מענשען אויף אַ קוואַדראַט־קילאָמעטער, און אין בעלגיען 240 אויף אַ קוואַדראַט־קילאָ־מעטער.

אָבער די געדיכטקייט פֿון דער בעפֿעלקערונג קען נאָך ווייניג וואָס געבען. דעריבער וועלען מיר אָנווייזען איינינגע וויכטיגערע, שוין ריין עקאָנאָמישע ציפֿערן.

מיר ווייסען, דאָס ביז דער לעצטער צייט איז די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג געגאַנגען אַזוי, דאָס די אינדוסטריע האָט וואָס ווייטער, אַלץ מעהר אָבגערוקט אָן אַ זייט די לאַנדווירטשאַפֿט; דעריבער איז ביז יעצט יענעם לאַנד און יענעם פֿאָלק מעהר ענטוויקעלט, וועלכעס נעהמט אַ גרעסערען אַנטייל אין דער אינ־דוסטריע, און אַ קלענערען אין דער לאַנדווירטשאַפֿט. לאָמיר פֿערגלייכען אין דער הינזיכט איינינגע לענדער.

עסטרייך איז אַ שטאַרק אָבגעשטאַנענעס לאַנד, אויב מיר וועלען זי נעהמען אין דורכשניט, ד. ה. אין מיטעלע ציפֿערן; אָבער אין עסטרייך גופֿא זענען פֿאַראַן צוויי הויך ענטוויקעלטע פֿעלקער — די דייטשען און די טשעכען. זעהען מיר פֿון דער סטאַטיסטיק, דאָס אין 1900 יאָהר האָבען פֿון 100 פּערזאָנען, וואָס בעשעפֿטיגען זיך מיט וועלכען עס איז געשעפֿט, זיך בעטייליגט:

| | אין דער לאַנדווירטשאַפֿט | אין דער אינדוסטריע, האַנדעל און טראַנספּאָרט |
|---|---|---|
| ביי די דייטשען | 33,5 | 51,7 |
| ביי די טשעכען | 43,1 | 45,8 |

אין דייטשלאַנד אין 1895 יאָהר האָט די לאַנדווירטשאַפֿט נאָך געשפּיעלט אַ גאַנץ גרויסע ראָלע: פֿון 100 מענשען, וואָס האָבען איבערהויפּט וועלכע עס איז בעשעפֿטיגונג, האָבען זיך 36,2 בעשעפֿטיגט אין דער לאַנדווירטשאַפֿט. אין בעלגיען אָבער זענען פֿון 100 בעשעפֿטיגטע פּערזאָנען אין 1900 יאָהר סך הכל 22,7 געווען פֿערטומען אין דער לאַנדווירטשאַפֿט, 44,6 אין דער אינדוסטריע אַליין, און די איבעריגע 32,7 זענען געווען פֿערטומען אינ'ם האַנדעל, אין

---

געפֿינען זיך אין דער אָפֿיציעלער אויסגאַבע דרוקפֿעהלער, וועלכע אונז איז אויס־קומען אויסצובעסערן דורך פֿערשידענע פֿערגלייכונגען, וואָס האָט אונז אָבער אומעטום געלונגען.

[2]) מיר ברענגען די אַבסאָלוטע ציפֿערן, כדי די לעזער זאָלען קענען דערנאָך זעהן, צי מיר האָבען ריכטיג אויסגערעכענט די פּראָצענטען.

טראַנספּאָרט, אין די פּרייַוע בערופען, אין פּריוואַטען, עפענטליכען און רעגירונגס־דינסט.

בשעת ביי די דייטשען אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך זענען אין דער לאַנדווירטשאַפט פערנומען אַ ביסעל מעהר פון אַ דריטעל, זענען אין בעלגיען העניגער פון אַ פיערטעל בעשעפטיגט אין דער אַגראַר־פּראָדוקציאָן.

בעלגיען איז אַ שטאַרק אינדוסטריאַליזירטעס לאַנד, פיעל מעהר ווי עסטרייך און אַפילו ווי דייטשלאַנד.

דאָס זעלבע טרעט אַרויס, אויב ניט אין אַזוינע בולט'ע שטריכען, דאָך אויך אינ'ם פּראָצענט פון די אינדוסטריעלע לוין־אַרבייטער..

פון 100 פּערזאָנען, וועלכע זענען בעשעפטיגט אין דער אינדוסטריע, איז די צאָהל לוין־אַרבייטער:

אין דייטשלאַנד 1895 יאָהר — 75,1 (ד. ה. 3 אַרבייטער אויף 1 בעל־הבית אין דורכשניט).

ביי די עסטרייכער דייטשען אין 1900 יאָהר 78,3 (ד. ה. כמעט 4 אַרבייטער אויף 1 ב"ב).

ביי די עסטרייכער טשעכען אין 1900 יאָהר 80,9 (ד. ה. 4 אַרבייטער אויף 1 ב"ב).

אין בעלגיען אין 1900 יאָהר 82,6 (ד. ה. מעהר ווי 4 אַרבייטער אויף 1 ב"ב אין דורכשניט).

דאָס בעווייזט, אַז אין בעלגיען איז שטאַרק ענטוויקעלט גראַדע די גרויסע אינדוסטריע (ווייל דאָס קומט אויס נור אין דורכשניט מעהר אַרבייטער, ווי אין דייטשלאַנד), און אַז די בעלגישע בעפעלקערונג האָט זיך שטאַרק און העכסט נאָרמאַל (לויט'ן קאַפּיטאַליסטישען שטייגער) פּראָלעטאַריזירט.

בעלגיען איז אָבער ניט גלייכמעסיג ענטוויקעלט אין דער אינדוסטריעלער הינזיכט. בעלגיען איז אַדמיניסטראַטיוו צוטיילט אויף 9 פּראָווינצען, וועלכע מיר וועלען דאָ צוזאַמענשטעלען לויט דער צאָהל פון זייער בעפעלקערונג:

## טאַבעלע I

| פּראָווינץ | צאָהל איינוואָהנער אין 1866 יאָהר | צאָהל איינוואָהנער אין 1900 יאָהר |
|---|---|---|
| בראַבאַנט | 813,552 | 1.263.535 |
| הענא | 845.438 | 1.14 .954 |
| מזרח־פלאַנדריען | 805.835 | 1.029.971 |
| ליעזש | 557.194 | 826.175 |
| אַנטווערפּען | 465.607 | 819.139 |
| מערב־פלאַנדריען | 642.217 | 805.236 |
| נאַמיור | 302.778 | 346,512 |
| לימבורג | 195.302 | 240.796 |
| לוקסעמבורג | 199.910 | 219.210 |
| גאַנץ בעלגיען: | 4.827.833 | (³7.074.910 |

³) פּאַלעסטינע איז אַקוראַט אַזוי גרויס, ווי בעלגיען; פּאַלעסטינא'ס אויבערפלעכע האַלט

אין בעלגיען װענען אָפֿיציעל אַנערקענט דרײַ שפּראַכען – די פֿראַנצויזישע, די פֿלעמישע און די דײַטשע; דיזע דרײַ שפּראַכען הײסען אויף דעם אָפֿיציעלען רעגירונגס־לשון „די דרײַ נאַציאָנאַלע שפּראַכען פֿון בעלגיען"; דאָ דאַרף מען אָבער ניט האָבען קײן טעות און ניט מײנען, דאָס דערמיט אַנערקענט די רעגירונג דרײַ נאַציאָנען; נײן – זי רעכענט, אַז אין בעלגיען איז א י י ן נאַציאָן, נאָר די אײן נאַציע רעדט אויף דרײַ ש פּ ר אַ כ ע ן! אַזוי װי דײַטשען װענען אין אַלע פּראָװינצען גאָר אַ קלײנער מיעוט, און די צװײ מעהרהײַטען װענען די פֿלעמען מיט די פֿראַנצויזען, װעלען מיר צוטײלען די 9 פּראָװינצען אויף צװײ קאַטעגאָריעס: 5 פֿלעמישע פּראָװינצען, װאו די מעהרהײַט בעשטעהט פֿון פֿלעמען (אַנטװערפּען, בראַבאַנט, מערב־פֿלאַנדריען, מזרח־פֿלאַנדריען און לימבורג) און 4 פֿראַנצויזישע פּראָװינצען, װאו די מעהרהײַט בעשטעהט פֿון פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע (ענאַ, ליעזש, ליוקסעמבורג און נאַמיור).. אין די 5 פֿלעמישע פּראָװינצען שאַפֿען (אין 1900) די נור־פֿלעמיש שפּרעכענדע 2.790 טױזענד פּערזאָנען, און די גאַנצע בעפֿעלקערונג זײַערע איז 4.159 טױזענד, ד. ה. די פֿלעמען שאַפֿען דאָרט ניט װעניגער, װי 67% פֿון דער בעפֿעלקערונג; אינגאַנצען האָהנען אין בעלגיען 2.822 טױזענד נור־פֿלעמיש שפּרעכענדע; ד. ה. אין די איבריגע 4 פּראָװינצען װאָהנען נור די איבריגע 32 טױזענד נור־פֿלעמיש שפּרעכענדע–גאָר און גאָר אַ קלײנער מיעוט.

יעצט נעהמען מיר בעטראַכטען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די פֿלעמישע און פֿון די פֿראַנצויזישע פּראָװינצען. אין פֿלוג קאָן זיך אויסװײַזען, דאָס די פֿלעמישע פּראָװינצען װענען העכער ענטװיקעלט, װי די פֿראַנצויזישע, װײַל די ערשטע װענען פֿיעל געדיכטער בעפֿעלקערט: אין די פֿלעמישע פּראָװינצען קומט אויס 282 פּערזאָנען אויף אַ קװאַדראַט־קילאָמעטער, אין די פֿראַנצויזישע אָבער נור 172; פֿון דעסטװעגען, װי מיר האָבען שוין פֿריהער בעמערקט, קאָן די געדיכטקײַט פֿון דער בעפֿעלקערונג גאָר װעניג דיענען אויף צו בעװײַזען, צי אַ געװיסע געגענד איז מעהר אָדער װעניגער קאַפּיטאַליסטיש ענטװיקעלט. דעריבער װעלען מיר מוזען נעהענטער בעטראַכטען די עקאָנאָמישע סטרוקטור פֿון גאַנץ בעלגיען און פֿון די פֿלעמישע און פֿראַנצויזישע פּראָװינצען. אין בעלגיען איז (אין 1900 יאָהר):

---

בײַ 29 טױזענד קװאַדראַט־קילאָמעטער, און בעלגיענ'ס פלעכע אויך דאָס זעלבע; אָבער די מיטעלע דיכטקײַט פֿון בעלגיען איז 240 מענשען אויף אַ קװ. קיל., און אין פּאַלעסטינאַ סך הכל 24 מענשען אויף אַ קװ. קיל. מען דאַרף אָבער ניט מײנען, אַז אין בעלגיען איז אומעטום די גלײַכע געדיכטקײַט. אין דער גרעסטער פֿון די נײַען פּראָװינצען – ליוקסעמבורג – װעלכע די גלײַכע געדיכטקײַט. אין דער גרעסטער פֿון די נײַען פּראָװינצען – ליוקסעמבורג – װעלכע פֿערנעהמט אַ װעקסטען חלק פֿון בעלגיען, איז די בעפֿעלקערונג נאָר שיטער, – סך הכל 50 מענשען אויף אַ קװ. קיל.; אין פּאַלעסטינאַ װענען אָבער פֿאַראַן ערטער, װי יפו־ירושלים'ער געגענט, װאו די בעפֿעלקערונג איז פֿיעל געדיכטער, װי אין ליוקסעמבורג. אין בעלגיען װאָהנען יעצט העכער 7 מיליאָן מענשען; ד. ה. אַז סיט דער װײַטערער ענטװיקלונג פֿון פּאַלעסטינאַ װעט זי אויך קענען פֿערנעהמען מעהר פֿון 7 מיליאָן אײנװאָהנער (יעצט האָלט זי נור 700 טױזענד).

## טאַבעלע II.

| | |
|---|---|
| די גאַנצע בעפעלקערונג | 7,074,910 |
| די בעשעפטיגטע בעפעלקערונג (ד. ה. די, וועלכע לעבט פון אייגענע הכנסות)[4] | 3,071,301 |
| די בעפעלקערונג וועלכע איז בעשעפטיגט אין דער אינדוסטריע | 1,372,251 |
| פון איהר — אינדוסטריעלע לוין-אַרבייטער | 1,133,590 |
| די בעפעלקערונג וועלכע איז בעשעפטיגט אין דער לאַנדווירטשאַפט | 697.372 |

לאָמיר יעצט דיזע אַבסאָלוטע ציפערן אויסדריקען אין פּראָצענטען.

## טאַבעלע III.

אין גאַנץ בעלגיען:

| | |
|---|---|
| דער פּראָצענט פון די אינדוסטריעל-בעשעפטיגטע אין פערגלייך מיט אַלע בעשעפטיגטע | 44,6 |
| ״ ״ ״ ״ ״ ״ ״ אינדוסטריעלע לוין-אַרבייטער ״ | 36,9 |
| ״ ״ ״ ״ ״ ״ ״ ״ ״ די אינדוסטריעל-בעשעפטיגטע | 32,6 |
| ״ ״ ״ ״ לאַנדווירטשאַפטליך-בעשעפטיגטע אין פערגלייך מיט אַלע בעשעפטיגטע | 22,7 |

די לאַנדווירטשאַפטליכע בעלגישע בעפעלקערונג, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, איז זעהר קליין, אַ ביסעל מעהר פון אַ פינפטעל; זי בעשטעהט פון זעלבסט-שטענדיגע פויערים און פון באַטראַקעס. די צאָהל פון די זעלבסטשטענדיגע פויערים (אַריינגערעכענט אַהער אויך די אַרענדאַטאָרס) איז אין גאַנץ בעלגיען 449.902, און פון די באַטראַקעס 247.470, ד. ה. 3 באַטראַקעס קומען אויס אויף 5 זעלבסט-שטענדיגע. דערפון איז לייכט צו פערשטעהן, דאָס די בעלגישע לאַנדווירטשאַפט טראָגט אַ קליינעם האַראַקטער, דאָס גרויסע רוב פון די לאַנדווירטען זענען קליינינקע פויערימלעך,—און, ווי עס איז בעוואוסט, זענען די קליינע פויערים אין מערב-איירופּאָ אומעטום זעהר רעאַקציאָנער, שרעקליך אָבגעשטאַנען אין אַלע הינזיכטען. אין בעלגיען, ווי אומעטום, שטיצען זיך גראַדע די רעאַקציאָנערע און קלעריקאַלע פּאַרטייען הויפּטזעכליך אויף די פויערים. דאָס מוזען מיר האָבען אין זינען, ווען מיר וועלען אַריבערגעהן צו פערגלייכען דעם פלעמישען טייל פון בעלגיען מיט'ן פראַנצויזישען.

---

[4] צו דער ניט-בעשעפטיגטער בעפעלקערונג ווערען אין בעלגיען צוגערעכענט: קינדער און פרויען און אַלטע, וועלכע פערדינען זיך ניט אַליין, ווי אויך אַזוינע, וואָס לעבען פון פריוואַטער אָדער עפענטליכער צדקה. אַלע איבעריגע רעכענען זיך פאַר בעשעפטיגט.

## טאַבעלע IV.

### 1900 יאָהר.

| פּראָווינץ | די צאָהל בעשעפטיגטע | די צאָהל אינדוסטריעלע בעשעפטיגטע | די צאָהל אינדוסטריעלע לוין-אַרבייטער | די צאָהל לאַנדווירטשאַפטליך-בעשעפטיגטע | דער פּראָצ. פון די אינדוסטריעלע בעשעפטיגטע צו אַלע בעשעפטיגטע | דער פּראָצ. פון די אינד. לוין-אַרב. צו אַלע בעשעפטיגטע | דער פּראָצ. פון די אינדוסטר. לוין-אַרבייטער צו די אינדוסטר. בעשעפטיגטע | דער פּראָצ. פון די לאַנדווירטשאַפטליך-בעשעפטיגטע צו אַלע בעשעפטיגטע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| די פלעמישע פּראָווינצען: | | | | | | | | |
| אנטווערפּען . . | 356660 | 141014 | 115852 | 80814 | 395 | 325 | 823 | 227 |
| בראַבאַנט . . . | 583692 | 226328 | 189351 | 112930 | 388 | 324 | 836 | 193 |
| מערב-פלאַנדרען | 386463 | 169939 | 134119 | 109871 | 439 | 347 | 788 | 284 |
| מזרח-פלאַנדרען | 499112 | 209571 | 171705 | 158616 | 419 | 345 | 819 | 318 |
| לימבורג . . . | 95566 | 22215 | 13471 | 43456 | 232 | 135 | 590 | 455 |
| די פראַנצויזישע פּראָווינצען: | | | | | | | | |
| ענא . . . . | 528604 | 307431 | 263843 | 80254 | 581 | 499 | 859 | 152 |
| ליעזש . . . | 385088 | 208404 | 181002 | 42979 | 541 | 470 | 810 | 111 |
| לוקסעמבורג . . | 90447 | 24864 | 15979 | 36637 | 274 | 177 | 64 | 405 |
| נאַמור . . . | 145669 | 62485 | 48268 | 31845 | 429 | 331 | 774 | 211 |
| אין אלע 5 פלעמישע פּראָווינצען צוזאַמען | 1921493 | 769067 | 624498 | 505657 | 400 | 325 | 812 | 263 |
| אין גאַנץ בעלגיען | 3071301 | 1372251 | 1133590 | 697372 | 446 | 369 | 826 | 227 |
| אין אלע 4 פראַנצויזישע פּראָווינצען צוזאַמען . . . | 1149308 | 603184 | 509092 | 191715 | 524 | 442 | 844 | 157 |

קוקענדיג אויף די לעצטע עמודים, און הויפטזעכליך אויף די אונטערשטע דריי שורות, זעהען מיר, דאָס הגם גאַנץ בעלגיען איז שטאַרק אינדוסטריאַליזירט און אַפילו אין די צוויי קלענסטע און אָבגעשטאַנענסטע פּראָווינצען, לימבורג און לוקסעמבורג — איז די אַגראַר-בעפעלקערונג אויך פיעל ווענינער פון אַ העלפט, דאָך קען מען בעמערקען וועזענטליכע אונטערשיעדען צווישען דעם פלעמישען און דעם פראַנצויזישען טייל פון בעלגיען.

אין דעם פלעמישען טייל איז אין דורכשניט דער פּראָצענט פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער בעפעלקערונג אויף 10 (גענוי — 9,6

גרעסער, ווי אינ'ם פראַנצויזישען טייל; פערקעהרט, דער פראָצענט פון דער אינדוסטריעלער בעפעלקערונג איז אינ'ם פלעמישען טייל אויף 12,4 קלענער, ווי אינ'ם פראַנצויזישען טייל, ד. ה. דאָס פראַנצויזישע טייל איז פיעל מעהר אינדוסטריאַליזירט, ווי דאָס פלעמישע; דאָס פלעמישע פאָלק איז אַגוזמא מעהר בעשעפטיגט אין דער לאַנדווירטשאַפט, ווי דאָס פראַנצויזישע. אין איינצעלנע פראָווינצען איז דער אונטערשיעד נאָך קלערער. נעהמען מיר די פלעמישע פראָווינצען מערב- און מזרח-פלאַנדריען מיט 28,4% און 31,8% אַגראַר-בעפעלקערונג און די פראַנצויזישע פראָווינצען ענאָ און ליעזש מיט זייערע 15,2 און 11,1%. ד. ה. אין די גרעסטע פלעמישע פראָווינצען, אינ'ם עכטען צענטער פון דער פלעמישער בעפעלקערונג בעשעפטיגט זיך נאָך כמעט אַ דריטעל מיט לאַנדווירטשאַפט; פערקעהרט, אין די גרעסטע פראַנצויזישע פראָווינצען, אינ'ם צענטער פון דער פראַנצויזישער בעפעלקערונג זענען די לאַנדווירטען פיעל וועניגער פון אַ זעקסט-חלק[5]. — דאָסזעלבע קענען מיר בעמערקען בנוגע די פראָצענטען פון די לוין-אַרבייטער, ד. ה. בנוגע דער אינדוסטריעלער פראָלעטאַריזירונג: אינערהאַלב דער אינדוסטריע אַליין איז דער % פון דער פלעמישער פראָלעטאַריזירונג אויף 3,2 נידריגער, ווי די פראַנצויזישע פראָלעטאַריזירונג, און אין פערגלייך מיט דער גאַנצער בעפעלקערונג דריקט זיך אויס די פלעמישע אינדוסטריעלע פראָלעטאַריזירונג אין 32,5%, און די פראַנצויזישע — אין 44,2, ד. ה. ביי די פראַנצויזען איז דער בעטרעפענדער % אויף 12 גרעסער. ביי די פראַנצויזען איז דער אינדוסטריעלער פראָלעטאַריאַט שוין כמעט אַ העלפט פונ'ם גאַנצען פאָלק, ביי די פלעמען אָבער נאָך ניט קיין דריטעל.

לאָמיר נאָך זעהן דעם % פון די יודעי-ספר אין בעלגיען, פון די, וועלכע קענען לעזען און שרייבען; אין 1900 יאָהר איז געווען דער % גראַמאָטנע:

## טאַבעלע V.

| די פלעמישע פראָווינצען: | | די פראַנצויזישע פראָווינצען: | |
|---|---|---|---|
| אַנטווערפען | 68 | ענאָ | 68 |
| בראַבאַנט | 70 | ליעזש | 74 |
| מערב-פלאַנדריען | 61 | ליוקסעמבורג | 80 |
| מזרח-פלאַנדריען | 61 | נאַמיור | 79 |
| לימבורג | 68 | | |

פון וועלכער זייט מיר קומען ניט צו צו די ביידע פעלקער, איבערצייגען

---

5) מען קען אונז איינווענדען, דאָס אַ פראַנצויזישע פראָווינץ — ליוקסעמבורג — האָט אַ שטאַרקע לאַנדווירטשאַפט; אָבער פון דער I טאַבעלע קאָן דער לעזער באַלד איינזעהען, דאָס לויט איהר בעפעלקערונג איז ליוקסעמבורג די קלענסטע פראָווינץ פון גאַנץ בעלגיען, און דערפאַר קען זי גאָר ניט בעווייזען: זי איז אין 5 מאָל קלענער פון ענאָ, מזרח-פלאַנדריען אָדער בראַבאַנט, און 15 מאָל קלענער פון זיי אַלע דריי צוזאַמען.

מיר זיך ווידער און ווידער, דאָס די פֿלעמען זענען מעהר אָבגעשטאַנען, און די פֿראַנצויזען מעהר ענטוויקעלט אין אַלע הינזיכטען. אָבער דער גאַנצער אונטערשיעד איז דאָך שוין אין 1900 יאָהר געווען ניט אַזוי גרויס: ווי ניט ווי, דאָך זענען ביידע פֿעלקער די ענטוויקעלטעסטע אין גאַנץ אייראָפּאַ (אויסער ענגלאַנד), דאָך שטעהען זיי שוין יעצט גאַנץ נאָהענט איינער צום צווייטען, זיי זענען דאָך גאַנץ גלייך. דער אונטערשיעד צווישען די פֿלעמען און פֿראַנצויזען איז נאָך אַ ביסעל קלענער, ווי דער אונטערשיעד צווישען די טשעכען מיט די דייטשען אין עסטרייך, און אַ גוזמא פֿיעל קלענער, אַלס דער אונטערשיעד צווישען בעלגיען און דייטשלאַנד אַניערך.

אויך אין דער צאָהל זייערער זענען ביידע פֿעלקער כמעט גלייך (אין 1900 יאָהר): אַזוינע, וואָס רעדען נור פֿלעמיש, איז אין גאַנץ בעלגיען 2.822.005, און אַזוינע וואָס רעדען נור פֿראַנצויזיש — 2.574.805. די פֿלעמען זענען טאַקי אַ מעהרהייט, נאָר דאָך איז די פֿראַנצויזישע מינדערהייט כמעט גלייך צו דער מעהרהייט. בעלגיען בעשטעהט פֿון אַ נאַציאָנאַלער מעהרהייט און אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט. אָבער די עקאָנאָמיש שטאַרקערע, די קולטורעל־ענטוויקעלטערע און דעריבער אויך די פּאָליטיש־הערשענדע נאַציע איז ניט, ווי אומעטום, די מעהרהייט, נאָר פֿערקעהרט די מינדערהייט — די פֿראַנצויזען.

——————

די יעצטיגע לאַגע איז אָבער ניט אימער געווען אין בעלגיען. מיט 3—4 הונדערט יאָהר צוריק, ווען בעלגיען איז געווען פֿעראייניגט מיט האָלאַנד, האָבען ביידע לענדער צוזאַמען געהייסען נידערלאַנדען; דאַן איז די הערשענדע נאַציע געווען — די האָלענדער, און אַזוי ווי די פֿלעמען רעדען דיזעלבע שפּראַך, ווי די האָלענדער (יעצט עקזיסטירט אַ קלײנער אונטערשיעד צווישען האָלענדיש און פֿלעמיש), האָבען די פֿלעמען אַנגעהערט צו דער הערשענדער נאַציאָן, און די יעצטיגע פֿראַנצויזישע בעפֿעלקערונג פֿון בעלגיען, וועלכע רופֿט זיך איצט וואַללאָנען, איז דאַן געווען אונטערדריקט. אין יענע צייטען איז גראַדע די פֿלעמישע אינדוסטריע געווען די העכסטע און די בעריהמטעסטע אין דער גאַנצער וועלט; ווען די ענגלענדער האָבען געוואָלט אַריינפֿיהרען ביי זיך די טעקסטיל־אינדוסטריע, האָבען זיי געמוזט אָנקומען צו די פֿלעמישע מייסטערס, וועלכע האָבען אויסגעלערנט די ענגלענדער, ווי אַזוי מען דאַרף פֿיהרען דיזע אינדוסטריע. דאַמאָלס זענען די פֿלעמישע מאַלער, רעמבראַנדט, וואַן־דייק און אַנדערע געווען די גרעסטע אין דער וועלט, און דאָס וואַלאָנישע פֿאָלק האָט גאָר קיינעם ניט אינטערעסירט; דאָס איז געווען אַ שוואַכעס, שטילעס, און האַלב־ווילדעס פּויערים־פֿאָלק. פֿון דער צייט אָבער, ווען דער וועלט־האַנדעל פֿון די נידערלאַנדען איז געפֿאַלען, ווען די נידערלענדישע האַפֿען אַמסטערדאַם, ראָטערדאַם, אַנטווערפּען האָבען געמוזט אָבגעבען די אויבערהאַנד צו די ענגלישע האַפֿען, איז די פֿלעמישע אינדוסטריע געפֿאַלען צוזאַמען מיט דער האָלענדישער, און אַפֿילו נאָך שנעלער, ווי די האָ־

לענדישע, און די וואַללאָנישע קולטור האָט אָנגעפאַנגען אַלץ מעהר זיך צו הויבען אין דער הויך צוזאַמען מיט דער ענטוויקלונג פון פראַנקרייך, וועלכע האָט שטענדיג געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די וואַללאָנען. אינ'ם משך פונ'ם XVIII יאָהר־הונדערט האָבען זיך די פלעמען אַלץ שטאַרקער אָבגעגרענצט עקאָנאָמיש פון די האָלענדער, און אַלץ מעהר אונטערגעפאַלען אונטער'ן איינפלוס פון די וואַללאָנען.

די וואַללאָנישע ענטוויקלונג איז געוועזען אַ פועל־יוצא פון דער פראַנצויזישער, ווייל די וואַללאָנישע שפּראַך איז זעהר נאָהענט צו דער פראַנצויזישער: דער אונטערשיעד איז פיעל קלענער, ווי, למשל, צווישען רוסיש און אוקראַיניש; דער אונטערשיעד פון וואַללאָניש און פראַנצויזיש איז דערוועלבער אַנ'ערך, ווי צווישען דעם ליטווישען און פוילישען זשאַרגאָן. די יונגע וואַללאָנישע בורזשואַזיע, די הענדלער, די אינדוסטריעלע אונטערנעהמער, די אינטעליגענץ האָבען בעקומען זייער עקאָנאָמישע שטיצע, ווי אויך זייער גייסטיגע הזנה פון פראַנקרייך, און דעריבער האָבען זיי פערוואָרפען זייער אייגענע, וואַללאָנישע שפּראַך, און איבערגענומען די פראַנצויזישע. דיזעלבע שפּראַך האָבען זיי פערשפּרייט איבער גאַנץ בעלגיען, ווייל זיי זענען געוואָרען די הענדלער, די אונטערנעהמער, די אינטעליגענטען אויך אין די פלעמישע פּראָווינצען, און זיי האָבען פערכאַפּט אַלע וויכטיגסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס צווישען די פלעמען. אַזוי האָבען זיך די פלעמען עקאָנאָמיש אָבגעטיילט פון די האָללענדער. דערצו האָט נאָך מיטגעהאָלפען דער אומשטאַנד, וואָס ביידע בעלגישע פעלקער — די פלעמען און די וואַללאָנען זענען געבליבען קאַטאָליש לויט זייער גלויבען, בשעת די האָללענדער האָבען זיך שוין לאַנג אָבגעגעבען דער רעליגיעזער רעפאָרמאַציע. אָבער דיזער אידעאָלאָגישער מאָמענט איז געוועזען ניט מעהר, ווי אַ צוגאָב צום עקאָנאָמישען: וואָס מעהר בעלגיען האָט זיך אינדוסטריאַליזירט, און האָללאַנד האָט אַלץ שנעלער פערלאָרען איהר אַמאָליגע הענדלערישע און קאָלאָניזאַטאָרישע מאַכט, אַלץ שווערער איז געפאַלען דער האָללענדישער דרוק אויף ביידע פעלקער פון בעלגיען — ביז זיי זענען אין 1830 יאָהר, גלייכצייטיג מיט דער פראַנצויזישער יולי־רעוואָלוציע, אויפגעשטאַנען געגען דעם האָללענדישען יאָך און אַראָבגעוואָרפען איהם פון זיך. זייט 1830 יאָהר איז בעלגיען אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה.

אין דער דאָזיגער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע האָט די וואַללאָנישע בורזשואַזיע געהאַט די איבערהאַנד, און די פלעמען זענען געוועזען פאָלשטענדיג אונטער דער וואַללאָנישער העגעמאָניע. אויף אַזאַ אופן האָט די וואַללאָנישע בורזשואַזיע פערשטאַרקט איהר פריהער ערוואָרבענעם עקאָנאָמישען און קולטורעלען איינפלוס דורך דער פּאָליטישער הערשאַפט. די פראַנצויזישע שפּראַך איז געוואָרען די רעגירונגס־שפּראַך, זי האָט בעהערשט די שולען, די ליטעראַטור, דאָס געריכט, דאָס גאַנצע עפענטליכע לעבען. דאָס רוב בעאַמטע זענען געוועזען פון וואַללאָנען, און ווען אַ פלעמער האָט שוין אפילו יע געקאָנט דערגרייכען צו אַן אַדמיניסטראַטיווער שטעלע, האָט ער אויך געמוזט קענען פראַנצויזיש.

לאַנג האָט דאָס אָבער ניט געקאָנט דויערען. דאַן זענען די הערשענדע וואַללאָנען געוועזען נאָך אַ פיעל קלענערע מינדערהייט, ווי יעצט. אין 1900 יאָהר זענען די פלעמען געוועזען מיט 3½% מעהר, ווי די פראַנצויזען, אין 1866 יאָהר

דעם ערשטען יאָהר, ווען די בעלגישע סטאַטיסטיק האָט אָנגעהויבען צעהלען די שפראַכען) זענען די פלעמען געווען נאָך מיט 7½ % מעהר פאַר די פראַנצויזען, און אין 1830 יאָהר איז דער אונטערשיעד אין צאָהל געווען, אָהן שום ספק, נאָך גרעסער, און נאָך מעהר לטובה פון דער פלעמישער מעהרהייט. וואָס מעהר די פלעמען האָבען זיך אינדוסטריעל ענטוויקעלט, אַלץ שווערער איז זיי אויסגעקומען איבערצוטראָגען די פראַנצויזישע הערשאַפט, עס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ שטאַרקע נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ צווישען די פלעמען מיט די פראַנצויזען, די פלעמישע בורזשואַזיע האָט אָנגעהויבען שטרעבען צו פערלאַפען אונטער איהר איינפלוס דעם פלעמישען מאַרק, אַרויסשלעפען די פלעמישע מאַסע פערבראויכער אין קויפער פון אונטער דער וואַללאָנישער בורזשואַזיע — עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקער קאַמפף איבער דער שפראַך. די פלעמען האָבען געפאָדערט, זייער שפראַך זאָל אַנערקענט ווערען פון דער רעגירונג און זי זאָל זיין גלייכבערעכטיגט מיט דער פראַנצויזישער. עס איז געקומען, נאָך אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד, דערצו, דאָס די פראַנצויזען האָבען געמוזט נאָכגעבען, און אין 1873 און 1878 יאָהר האָבען די פלעמען ערקעמפפט אַ גאַנצע רייהע גינסטיגע געזעצען. זייער שפראַך איז יעצט אַנערקענט געוואָרען פאַר גלייכבערעכטיגט: די בעאַמטע און ריכטער מוזען אוממעטום קענען פלעמיש און פראַנצויזיש, יעדער בירגער מעג רעדען אין אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטען אויף ביידע שפראַכען (זאָגאַר נאָך אויף דייטש), אַלע געזעצען, פעראָרדנונגען און ד. גל. ווערען פערעפענטליכט אין ביידע שפראַכען, און די פלעמען האָבען אייגענע פאָלקס־שולען, וואו די למודים ווערען געפיהרט אין פלעמישען. — יעצט זענען נאָך געבליבען איניגע קלענערע שטריט־פונקטען, נאָר אין זיי איז שוין די בורזשואַזיע ניט בעזונדערס שטאַרק פעראינטערעסירט, און מען קען זאָגען, דאָס דער נאַציאָנאַלער גערודער האָט זיך שוין איינגעשטילט אין בעלגיען.

דעם קלאָרסטען סימן דערפון קאָן מען זעהן דעריין, וואָס דער אָרגאַניזירטער אַרבייטער־קלאַס האָט אין בעלגיען קיין מאָל ניט געהאַט פון אַ שטאַרקער נאַציאָנאַל־פראַגע. די בעלגישע אַרבייטער־פאַרטיי האָט זיך אָרגאַניזירט אינ׳ם משך צייט פון 1879 ביז 1885 יאָהר, ד. ה. שוין נאָך דעם, ווי די פלעמען האָבען בעקומען דאָס וויכטיגסטע, וואָס זיי האָבען געדאַרפט.

די פלעמען האָבען געפאָדערט נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג, אָבער ניט קיין נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע — פאַרוואָס? ביי אונז, יודען, האָט מען זיך איינגערעדט, דאָס אויטאָנאָמיע איז דער עיקר; לאָמיר זעהן, צי דאָס איז אַזוי אין בעלגיען. דאָ עקזיסטירט ניט קיין שפור פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין דעם זינן, דאָס אַ גאַנצעס פאָלק זאָל צונויפשטעלען אַנ׳אויטאָנאָמען פערבאַנד; אָבער אין בעלגיען איז תמיד געווען ברייט אַוועקגעשטעלט די אָרטיגע אויטאָנאָמיע, די טעריטאָריאַלע, — אַזוי ברייט, דאָס די אָרטיגע זעלבסטפערוואַלטונג האָט שטענדיג געשטעלט פעסטע גרענצען פאַר די צענטראַליסטישע טענדענצען פון דער קעניגליכער רעגירונג. אין די פלעמישע געגענדען, וואו די פלעמען זענען אין אַ גרויסער מעהרהייט, זענען זיי די בעלי־בתים איבער דער אָרטיגער זעלבסט־פערוואַלטונג, און קאָנען אויף אַזאַ אופן אינגאַנצען אָדער כמעט אינגאַנצען אויטאָנאָם

בעפֿרײַען זײַערע נאַציאָנאַלע בעדערפֿנישען; דאָסזעלבע מיט די װאַללאָנען אין די װאַללאָנישע געגענדען. װײַל בײדע פֿעלקער זענען ניט עקסטעריטאָריאַל, נור, פֿערקעהרט, יעדער פֿון זײ בעזעצט בעזונדערע געביטען, דעריבער איז פֿאַר זײ אַבסאָלוט ניט נויטיג די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. אויף אַזאַ אויפֿן זעהען מיר, דאָס אַ נאַציאָנאַלער קאַמפּף צווישען צװײ פֿעלקער האָט זיך אײַנגעשטילט אַדאַנק דער נאַציאָנאַלער גלײַכבערעכטיגונג און ברײטער אָרטיגער זעלבסטפֿערװאַלטונג [6].

אָבער כדי צו בעגרינדען די אַבסאָלוטע נויטיגקײט פֿון נאַציאָנאַלער, און ניט טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פֿאַר אַלע פֿעלקער, טענה'ט מען, דאָס די נאַציעס װערען מיט'ן גאַנג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטװיקלונג אונפֿערמײַדליך אַלץ מעהר צונויפֿגעמישט, אַזוי, אַז אויף אײן און דער זעלבער טעריטאָריע מוזען װאָס װײַטער, װאָהנען אַלץ מעהר נאַציעס צוזאַמען. װען דאָס װאָלט זײַן ריכטיג בנוגע אַלע פֿעלקער און אין אַלע בעדינגונגען, װאָלט דאָס געװיס דיענען אַלס גענינגענדער בעװײַז פֿאַר דער אַבסאָלוטער נויטיגקײט פֿון נאַציאָנאַלער, און ניט נור טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פֿאַר אַלע פֿעלקער. אויב ס'איז אָבער גאָר ניט ריכטיג, דאָס אין דער טבע פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער װירטשאַפֿט ליגט, די נאַציעס זאָלען זיך פֿערמישען, אָדער, אויב עס װעט זיך אַרויסװײַזען, דאָס די גלײַכבערעכטיגונג איז די והותר, כדי די צונויפֿגעמישטע פֿעלקער זאָלען קומען גאָר צו אַן'אַנדער פּועל־יוצא, אײדער מען שטעלט זיך פֿאָר בכלל, דאַן איז די פֿראַגע ניט אַזוי אײנפֿאַך, דאַן מוזען מיר פֿילײַכט קומען גאָר צו אַנדערע פֿאָלגען.

לאָמיר אַלזאָ זעהן, װי אַזוי האָבען זיך ענטװיקעלט די פֿאַקטישע שפּראַכען־פֿערהעלטניסען אין בעלגיען פֿאַר דער לעצטער צײַט. די בעלגישע סטאַטיסטיק האָט ערשט פֿון 1866 יאָהר אָנגעהויבען בערעכענען די שפּראַכען, און דעריבער װעלען מיר פֿערגלײַכען די ציפֿערן פֿון 1866 יאָהר מיט די ציפֿערן פֿון 1900 יאָהר. אַזוי װי אין די פּראָװינצען ליוקסעמבורג און נאַמיור זענען גאָר װעניג פֿלעמען, װײניגער פֿון 1% (אין ליוקסעמבורג קומט אויס 1 פֿלעמער אויף 330 אײַנװאָהנער, און אין נאַמיור — 1 פֿלעמער אויף 167 אײַנװאָהנער), װעלען מיר דיזע בײדע פּראָװינצען ניט אָנגעבען אין די װײַטערדיגע טאַבעלען [7].

---

[6] צװישען אָרטיגער זעלבסט־פֿערװאַלטונג און טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע איז דער אונטערשיעד ניט אַזוי אין אינהאַלט װי אין דער פֿערשפּרײטונג; אויב מיר האָבען צו טהון מיט אַ גרויסען געביעט מיט מיליאָנען אײַנװאָהנער, רופֿט מען דאָס טעריט. אויטאָנאָמיע.

[7] אין 1866 יאָהר האָט מען אין בעלגיען צוגערעכענט אַפֿילו די קינדער, װאָס זענען אַלט װעניגער פֿון 2 יאָהר (און אויך די שטומע) צו דער שפּראַך פֿון זײערע עלטערן אָדער פֿאָרמונדען (опекуновъ); אין 1900 יאָהר האָט מען אַזעלכע קינדער און שטומע צוגערעכענט צו די, װעלכע רעדען נאָך קײן שפּראַך ניט. דעריבער קומט אויס אַ ביסעל ניט גענוי די פֿערגלײַכונג פֿון די ציפֿערן, נאָר דער טעות איז שטענדיג ניט גרעסער פֿון אַ צעהנטעל פֿון אַ חלק פֿון יעדער

אין 1866 יאָהר האָט זיך די בעלגישע בעפעלקערונג געטיילט לויט די שפּראַכען אויף פאָלגענדען אופן: (די צאָהלען װעלכע זענען װעניגער פון 1000, האָבען מיר אַרויסגעוואָרפען).

## טאַבעלע VI.

| | פּראָווינצן | אזוינע וואס רעדן נור פראַנצויזיש | אזוינע וואס רעדן נור פלעמיש | אזוינע וואס רעדן נור דייטש | אזוינע וואס רעדן פראַנצויזיש און פלעמיש | אזוינע וואס רעדן פראַנצויזיש און דייטש | אזוינע וואס רעדן פלעמיש און דייטש | אזוינע וואס רעדן אַלע דריי שפּראַכן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| די פלעמישע פּראָווינצן | אַנטווערפּען | 3887 | 430403 | — | 28592 | — | — | — |
| | מזרח-פלאַנדריען | 7837 | 744251 | — | 51819 | — | — | — |
| | מערב-פלאַנדריען | 27559 | 564840 | — | 48677 | — | — | — |
| | לימבורג | 8734 | 173282 | — | 12476 | — | — | — |
| | בראַבאַנט | 216098 | 456175 | 1933 | 130722 | 2084 | — | 2092 |
| פראַנצויזישע פּראָווינצן | ליעזש | 499103 | 21490 | 10793 | 16338 | 7793 | — | — |
| | ענאַ | 810260 | 15476 | — | 17566 | — | — | — |
| גאַנץ בעלגיען | | 2041784 | 2406491 | 35356 | 308361 | 20448 | 1625 | 4966 |

ס'פערשטעהט זיך, דאָס די לעצטע קאַטעגאָריע — װעלכע קענען רעדען אי פראַנצויזיש, אי דייטש אי פלעמיש, געהערען שוין דאָס רוב צו די הויכגעבילדעטע, װעלכע האָבען ספּעציעל געלערנט די שפּראַכען, — און דאָס האָט װעניג שייכות צו דער נאַציאָנאַל-פראַגע. דאָך װעלען מיר נאָך דאַרפען האָבען אויך די דאָזיגע קאַטעגאָריע.

מיר געהען אַריבער צום 1900 יאָהר.

---

איינצעלנער ציפער, װייל אַזוינע קינדער איז אין בעלגיען װעניגער װי 6 % פון דער גאַנצער בעפעלקערונג. — מיר האָבען געפּרובט נאָר אויסמיידען דעם טעות און אויסרעכענען געוויסע ציפערן; אָבער די בעלגישע סטאַטיסטיק איז דערצו װעניג צוגעפּאַסט, און מיר האָבען געמוזט דאַרפען אין מיטען דיזע אונפּרוכטבאַרע און שװערע אַרבייט.

# טאַבעלע VII.

1900 יאָהר.

| | פּראָווינץ | וועלכע וואָס רעדן נור פראַנצויזיש | וועלכע וואָס רעדן נור פלעמיש | וועלכע וואָס רעדן נור דייטש | וועלכע וואָס רעדן פראַנצויזיש און פלעמיש | וועלכע וואָס רעדן פראַנצויזיש און דייטש | וועלכע וואָס רעדן פלעמיש און דייטש | וועלכע וואָס רעדן אַלע דריי שפּראַכען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פלאַמאַנדישע פּראָווינצן | אַנטווערפּען | 10035 | 630224 | 3675 | 104041 | 1798 | 3581 | 13024 |
| | מזרח-פלאַנדריען | 8164 | 843142 | — | 116638 | — | — | 3840 |
| | מערב-פלאַנדריען | 26982 | 605575 | — | 123121 | — | — | 2189 |
| | ליִמבורג | 8306 | 187340 | — | 29306 | — | — | 1316 |
| | בראַבאַנט | 305150 | 524030 | 3008 | 336847 | 10011 | 1818 | 16411 |
| וואַלאָנישע פּראָווינצן | ליִעזש | 683060 | 15872 | 9853 | 46237 | 27694 | — | 4162 |
| | עֶנאָ | 1033959 | 15231 | — | 40828 | 2259 | — | — |
| | גאַנץ בעלגיען | 2574805 | 2822005 | 28314 | 801587 | 66497 | 7238 | 42889 |

אַזוֹי ווי אין 1900 יאָהר האָט די בעלגישע סטאַטיסטיק נאָך אויסגערעכענט די צאָהלען בנוגע דעם ערוואַקסענעם טייל פון דער בעפעלקערונג, אינים עלטער פון 15 יאָהר און העכער, האָט זי בעקומען העכסט אינטערעסאַנטע מאַטע-ריאַלען, אָהן וועלכע עס וואָלט זיין גאַר שווער צו פונאַנדערקלייבען זיך אין דער פראַגע, — מיר ברענגען נאָך איין טאַבעלע אין אַבסאָלוטע ציפערן און דאַן וועלען מיר שוין אַריבערגעהן צו די פערגלייכונגען. סך-הכל איז געווען אין בעלגיען אין 1900 יאָהר 4,571,045 ערוואַקסענע, עלטער פון 15 יאָהר; לויט דער שפּראַך האָבען זיך די ערוואַקסענע געטיילט אויפ'ן פאָלגענדען אופן:

# טאַבעלע VIII.

1900 יאָהר.

| פּראָווינץ | אזוינע וואָס רעדען נור פראַנצויזיש | אזוינע וואָס רעדען נור פלעמיש | אזוינע וואָס רעדען נור דייטש | אזוינע וואָס רעדען פראַנצויזיש און פלעמיש | אזוינע וואָס רעדען פראַנצויזיש און דייטש | אזוינע וואָס רעדען פלעמיש און דייטש | אזוינע וואָס רעדען אַלע דריי שפּראַכען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אַנטווערפּען . . . . . . . . . | 8239 | 414730 | 3114 | 90090 | 1559 | 2990 | 11936 |
| מזרח-פלאַנדריען . . . . . . . | 5915 | 572413 | — | 99875 | — | — | 3623 |
| מערב-פלאַנדריען . . . . . . . | 18242 | 405115 | — | 104269 | — | — | 2080 |
| לימבורג . . . . . . . . . | 6202 | 122292 | — | 26280 | — | — | 1265 |
| בראַבאַנט . . . . . . . . . | 230328 | 338222 | 2571 | 274803 | 8950 | 1588 | 15219 |
| ליעזש . . . . . . . . . . | 493049 | 10881 | 6700 | 39787 | 23674 | — | 3949 |
| ענאַ . . . . . . . . . . . | 763863 | 10480 | — | 34311 | 2022 | — | — |
| גאַנץ בעלגיען . . . . . . . | 1896003 | 1874722 | 18385 | 673554 | 57279 | 6251 | 39870 |

פון דער IX טאַבעלע זעהען מיר, דאָס פאַר די לעצטע 34 יאָהר, פון 1866 ביז 1900, איז אין אַלע פלעמישע פּראָווינצען אָדער געוואַקסען די צאָהל נור פראַנצויזיש שפּרעכענדע, אָדער זי איז געבליבען די זעלבע. געוואַקסען איז זי, אַגב, ניט שטאַרק. אין אַנטווערפּען איז זי געוואַקסען פון 0,9 % ביז 1,2 % ביי אַלעמען און 1,5 % ביי די ערוואַקסענע. אָבער אין די איבעריגע פלעמישע פּראָווינצען איז די צאָהל נור-פראַנצויזיש-שפּרעכענדע געבליבען די זעלבע; אין מערב-פלאַנדריען און אין לימבורג איז זי אַפילו אַביסעל פערקלענערט געוואָרען. נאָר, פערשטעהט זיך, פון אַזוינע קליינע פערענדערונגען, וועלכע דריקען זיך אויס פאַר 40 יאָהר אין צעהנטע הלקים פון אַ פּראָצענט, קען מען גאָר נישט אַרויספיהרען. מיר האָבען דאָס פאָלקאָמע רעכט צו זאָגען, דאָס אין די פלעמישע פּראָווינצען איז די צאָהל נור-פראַנצויזיש-שפּרעכענדע געבליבען פערהעלטנישמעסיג די זעלבע.

עטוואָס גאַנץ אַנדערעס בעמערקען מיר ביי די פלעמען. די צאָהל נור-פלעמיש-שפּרעכענדע האָט זיך גראַדע אין די פלעמישע פּראָווינצען פאַר 36 יאָהר שטאַרק פערקלענערט: אין אַנטווערפּען איז די דאָזיגע צאָהל

# טאבעלע IX. [9]

די אומענדערונגען אין די בעלגישע שפראך-פערהעלטניסען אינ׳ם משך צייט פון 1866 יאהר ביז 1900 יאהר.

| די פערטיילונג פון דער בעפעלקערונג לויט די שפראכען. | די פלעמישע פראווינצען: אנטווערפען | | | מזרח-פלאנדריען | | | מערב-פלאנדריען | | | לימבורג | | | בראבאנט | | | גאנץ בעלגיען [10] | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1866 יאהר | 1900 יאהר: אלע איינוואוינער | 1900 יאהר: ערוואקסענע בעפעלקערונג [11] | 1866 יאהר | 1900 יאהר: אלע איינוואוינער | 1900 יאהר: ערוואקסענע בעפעלקערונג | 1866 יאהר | 1900 יאהר: אלע איינוואוינער | 1900 יאהר: ערוואקסענע בעפעלקערונג | 1866 יאהר | 1900 יאהר: אלע איינוואוינער | 1900 יאהר: ערוואקסענע בעפעלקערונג | 1866 יאהר | 1900 יאהר: אלע איינוואוינער | 1900 יאהר: ערוואקסענע בעפעלקערונג | 1866 יאהר | 1900 יאהר: אלע איינוואוינער | 1900 יאהר: ערוואקסענע בעפעלקערונג |
| איינוואוינער וועלכע רעדן נור פראנצויזיש . | 0,9 | 1,2 | 1,5 | 0,9 | 0,8 | 0,9 | 4,0 | 3,3 | 3,4 | 4,6 | 3,3 | 4,0 | 26,5 | 24,0 | 26,4 | 42,3 | 38,2 | 41,5 |
| " " " נור פלעמיש . . | 92,[illegible] | 76,8 | 77,7 | 92,3 | 81,8 | 83,8 | 88,0 | 75,3 | 76,4 | 88,7 | 77,9 | 77,9 | 56,0 | 41,5 | 38,7 | 49,8 | 41,8 | 41,0 |
| " " " נור דייטש . . . | 0,1 | 0,4 | 0,6 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,1 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,1 | 0,2 | 0,2 | 0,3 | 0,7 | 0,4 | 0,4 |
| " " " פראנצ. און פלעמיש | 6,0 | 12,7 | 16,9 | 6,4 | 11,3 | 14,6 | 7,5 | 15,4 | 19,7 | 6,1 | 12,0 | 16,7 | 15,9 | 26,7 | 31,5 | 6,4 | 11,9 | 14,7 |
| " " " פראנצויזיש און דייטש | 0,1 | 0,2 | 0,3 | 0,0 | 0,0 | 0,1 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,1 | 0,0 | 0,1 | 0,2 | 0,7 | 1,0 | 0'4 | 1,0 | 1,3 |
| " " " פלעמיש און דייטש | 0,2 | 0,4 | 0,6 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,0 | 0,1 | 0,0 | 0,3 | 0,1 | 0,1 | 0,2 | 0,0 | 0,1 | 0,1 |
| " " " אלע דריי שפראכען | 0,1 | 1,6 | 2,2 | 0,1 | 0,4 | 0,5 | 0,1 | 0,2 | 0,4 | 0,1 | 0,4 | 0,8 | 0,2 | 1,3 | 1,7 | 0,1 | 0,6 | 0,9 |
| " " " ניט קיין איינע פון די דריי שפראכען [9] | 0,3 | 6,7 | 0,2 | 0,3 | 5,7 | 0,1 | 0,3 | 5,8 | 0,1 | 0,3 | 6,4 | 0,1 | 0,9 | 5,5 | 0,2 | 0,3 | 6,0 | 0,1 |
| צוזאמען | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

געפֿאַלען פֿון 92,3 % ביז 76,8 %, — ד. ה. אויף 15 ½ %; אין מזרח־פֿלאַנדריען איז די צאָהל נור־פֿלעמיש־שפּרעכענדע געפֿאַלען אויף 10 ½ %; אין מערב־פֿלאַנדריען אויף 13 %; אין לימבורג אויף 11 %, און אין בראַבאַנט — אויף 17 %.

דאָרט, וואו כמעט די גאַנצע בעפֿעלקערונג בעשטעהט פֿון פֿלעמען, פֿערשווינדעט ערגיץ אָט דער פֿאָלק — עס פֿערשווינדעט לאַנגזאַם, אויף איין פּראָצענט אין 2—3 יאָהר, נאָר זיי פֿערשווינדען דאָך. אויב עס זאָל אַזוי דויערען נאָך אַ פּאָר הונדערט יאָהר, וועט אינגאַנצען אומקומען פֿון דער וועלט די פֿלעמישע נאַציאָן. דאָס געהט אָבער נור די ערשטע צייט אַזוי לאַנגזאַם; וואָס ווייטער, לויפֿט דער פֿערשווינדונגס־פּראָצעס אַלץ שנעלער, — אין וואָס דער לעזער וועט זיך איבערצייגען צום סוף פֿון דעם אַרטיקעל.

וואוהין פֿערשווינדען אָבער די פֿלעמען? לאָמיר זעהן די פֿירטע האָריזאָנטאַלע שורה פֿון די %־טען, יענע, וועלכע רעדען פֿלעמיש און פֿראַנצויזיש. זייער צאָהל איז אומעטום פֿאַר די 34 יאָהר שטאַרק געשטיגען. אין בראַבאַנט האָט זיך דיזע קאַטעגאָריע פֿערדאָפּעלט, אין לימבורג, אין ביידע פֿלאַנדריען איז זי געוואָרען 2 ½ מאָהל גרעסער און אין אַנטווערפּען כמעט דריי מאָל גרעסער, ווי זי איז געווען 34 יאָהר צוריק. אָט וואוהין עס פֿערשווינדען די פֿלעמען: זיי לערנען זיך אויס רעדען פֿראַנצויזיש.

מיר האָבען שוין פֿריהער געזעהן, אַז די פֿלעמען זענען אַ מעהרהייט אין בעלגיען. לאָמיר אַקוק טון, צי זיי וועלען שטענדיג בלייבען אַ מעהרהייט? אפשר זענען זיי שוין יעצט, אין תוך אַריין גענומען, ניט קיין מעהרהייט? כדי דאָס צו דערגעהן, וועלען מיר אַביסעל פֿעראַנדערן אונזער טאַבעלע; מיר וועלען זעהן,

---

8) די ניינטע טאַבעלע ניט אָן נור די פּראָצענטועלע פֿערהעלטניסען. — מיר הוריען איבער, אַז דאָס גרויסע רוב פּראָצענטען האָבען מיר אַליין געמוזט אויסרעכענען, און אויב אפילו די בעלגישע אָפֿיציעלע סטאַטיסטיק האָט אויסגערעכענט די פּראָצענטען (נור פֿאַר גאַנץ בעלגיען), זענען אויך איהרע רעכנונגען ניט גענוי און אַמאָל ענטהאַלטען זיי אויך גרייזען. דעריבער מוזען מיר געבען דעם לעזער אַזוי פֿיעל ציפֿערן, כדי ער זאָל קענען אַליין זעהן, צו מיר האָבען ריכטיג בעקומען די פּראָצענטען, וועלכע זענען נויטיג צו די פֿערגלייכונגען. — אין דיזער צו טאַבעלע שטעלט פֿאַר יעדער איינצעלנער ווערטיקאַלער עמוד פֿון די ציפֿערן אַ גאַנצע איינהייט, פֿאַר אַ גאַנצעס יאָהר; דעריבער איז די סומע פֿון יעדען איינצעלנעם ווערטיקאַלען עמוד גלייך 100 %.

9) אין דער צאָהל פֿון די ניט־שפּרעכענדע אויף די דריי שפּראַכען זענען אין 1866 יאָהר אַריין נור די שטומע און די אויסלענדער, אין 1900 אָבער אויך די קינדער, וועלכע זענען נאָך ניט אַלט קיין צוויי יאָהר.

10) כדי אויסצורעכענען די % פֿאַר גאַנץ בעלגיען פֿאַר'ן 1900 יאָהר האָבען מיר אַראָבגענומען די ניט־שפּרעכענדע (ד. ה. אויך די קינדער יונגער פֿון 2 יאָהר); אַזוינע ניט־שפּרעכענדע זענען דאַן געווען אין בעלגיען 350,263; דאָס האָבען מיר געטון צוליעב דעם, עס זאָל זיין לייכטער צו פֿערגלייכען מיט די פּראָצענטען פֿון 1866 יאָהר.

11) ערוואַקסענע הייסען יענע, וועלכע זענען עלטער פֿון 15 יאָהר.

חיפּיעל %רעדען איבערהויפּט פלעמיש—ד. ה. מיר וועלען נעהמען ניט נור יענע, וועלכע רעדען נור-פלעמיש; ניין, מיר וועלען צו זיי צוגעבען יענע, וועלכע רעדען, חוץ פלעמיש, אויך אַנאַנדער שפּראַך. דאָס זעלבע וועלען מיר טון מיט די פראַנצויזען: צו יענע, וועלכע רעדען נור-פראַנצויזיש, וועלען מיר צוגעבען יענע, וועלכע רעדען, חוץ פראַנצויזיש, אויך אַנאַנדער שפּראַך.

פּרובען מיר דאָס טון בנוגע צו מזרח-פלאַנדריען; דער לעזער קאָן דאָס מאַכען גאַנץ לייכט, אַראָבשרייבענדיג פון דער IX טאַבעלע די ענטשפּרעכענדע ציפערן און דערנאָך צונויפלעגענדיג זיי:

אין מזרח-פלאַנדריען האָבען גערעדט אין 1866 יאָהר:

פלעמיש:

| | |
|---|---|
| נור פלעמיש | 92,3 פראָצ. |
| פלעמיש אין פראַנצ. | 6,4 „ |
| פלעמיש און דײַטש | 0,0 „ |
| אַלע דרײַ שפּראַכען | 0,1 „ |
| סך הכל רעדען פלעמיש | 98,8 פראָצ. |

פראַנצויזיש:

| | |
|---|---|
| נור-פראַנצויזיש | 0,9 פראָצ. |
| פראַנצויזיש אין פלעמיש | 6,4 „ |
| פראַנצויזיש און דײַטש | 0,0 „ |
| אַלע דרײַ שפּראַכען | 0,1 „ |
| סך-הכל רעדען פראַנצויזיש | 7,4 פראָצ. |

אין מזרח-פלאַנדריען האָבען גערעדט אין 1900 יאָהר.

פלעמיש:

| | |
|---|---|
| נור-פלעמיש | 81,8 פראָצ. |
| פלעמיש אין פראַנצויזיש | 11,3 „ |
| פלעמיש און דײַטש | 0,0 „ |
| אַלע דרײַ שפּראַכען | 0,4 „ |
| ס"ה האָבען גערעדט פלעמיש | 93,5 פראָצ. |

פראַנצויזיש:

| | |
|---|---|
| נור-פראַנצויזיש | 0,8 פראָצ. |
| פראַנצויזיש אין פלעמיש | 11,3 „ |
| פראַנצויזיש און דײַטש | 0,0 „ |
| אַלע דרײַ שפּראַכען | 0,4 „ |
| ס"ה האָבען גערעדט פראַנצ. | 12,5 פראָצ. |

אין מזרח-פלאַנדריען האָבען פון 100 ערוואַקסענע גערעדט אין 1900 יאָהר:

פלעמיש:

| | |
|---|---|
| נור-פלעמיש | 83,8 פראָצ. |
| פלעמיש אין פראַנצויזיש | 14,6 „ |
| פלעמיש אין דײַטש | 0,0 „ |
| אַלע דרײַ שפּראַכען | 0,5 „ |
| ס"ה רעדען פלעמיש | 16,1 פראָצ. |

פראַנצויזיש:

| | |
|---|---|
| נור פראַנצויזיש | 0,9 פראָצ. |
| פראַנצויזיש אין פלעמיש | 14,6 „ |
| פראַנצויזיש אין דײַטש | 0,1 „ |
| אַלע דרײַ שפּראַכען | 0,5 „ |
| ס"ה רעדען פראַנצויזיש | 98,9 פראָצ. |

פאָלגליך וועלען מיר אָנרופען „נור-פלעמיש-שפּרעכענדע" יענע, וועלכע רעדען קיין אַנדער שפּראַך ניט, אויסער פלעמיש, און איינפאַך „פלעמיש-שפּרעכענדע" יענע, וועלכע רעדען איבערהויפּט פלעמיש, אומאָבהענגיג פון דעם, צי זיי רעדען נאָך אַ וועלכע עס איז אַנדער שפּראַך, צי ניט. דערפון איז קלאָר, אַז „פלעמיש-שפּרעכענדע" איז תמיד מעהר, ווי „נור-פלעמיש-שפּרעכענדע", ווײַל די לעצטע זענען נור אַ טייל פון די ערשטע.—דאָסזעלבע מכח „פראַנצויזיש-שפּרעכענדע"

און „נור פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע“ — ווייל די לעצטע זענען נור אַ טייל פֿון די ערשטע.

אויף אַזאַ אופֿן זעהען מיר, דאָס אין מזרח־פֿלאַנדריען זענען אין 1866 יאָהר די פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע געווען אין 13 מאָהל ווייניגער, ווי די פֿלעמיש־שפּרעכענדע, און אין 34 יאָהר אַרום זענען זיי שוין געווען סך־הכל אין 7 ½ מאָל ווייניגער, ווי די פֿלעמיש־שפּרעכענדע; אויב מיר נעהמען אָבער די צווייאַקסיגע, זעהען מיר, דאָס צווישען זיי זענען די פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע שוין נור אין 6 מאָל ווייניגער, ווי די פֿלעמיש־שפּרעכענדע.

לויט דעם זעלבען שטייגער, ווי דער לעזער האָט צוזאַמען מיט אונז אויסגערעכענט די פֿערהעלטנישען פֿאַר מזרח־פֿלאַנדריען, קאָן ער אויך אויסרעכענען די פֿערהעלטנישען פֿאַר די איבעריגע פֿלעמישע פּראָווינצען. דאַן וועט ער זעהן, דאָס אויב אין אַנטווערפּען זענען די פֿלעמיש־שפּרעכענדע געווען אין 1866 יאָהר אין 14 מאָל מעהר, ווי די פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע, זענען שוין אין 1900 יאָהר געווען די פֿלעמיש־שפּרעכענדע נור אין 6 מאָל מעהר איבערהויפּט, און צווישען די צווייאַקסענע נור אין 5 מאָל מעהר, ווי די פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע. אין מערב־פֿלאַנדריען זענען די פֿלעמיש־שפּרעכענדע געווען אין 1866 יאָהר נאָך אין 9 מאָל, אין 1900 יאָהר שוין נור אין 5 מאָל, און ביי די צווייאַקסענע שוין נור אין 4 מאָל צאָהלרייכער, ווי די פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע; און דאָס זעלבע אויך אין לימבורג און אין בראַבאַנט. זעהען מיר, אַלזאָ, דאָס ביי די צווייאַקסענע פֿלעמער געהט דער פֿערשווינדונגס־פּראָצעס נאָך שנעלער, ווי ביי דער גאַנצער בעפֿעלקערונג.

און דאָס איז ניט שווער צו בעגרייפֿען: קינדווייז זיצט אַ קליינער פֿלעמער ביי זיך אין דער היים, און רעדט נאָך פֿלעמיש; ווען ער הויבט זיך אָבער אָן צו לערנען, פֿערשטעהען אַליין זיינע עלטערען, אַז מען דאַרף איהם אויך לערנען יענע שפּראַך, וועלכע איז די שפּראַך פֿון דעם קולטורעלסטען און ענטוויקעלטעסטען עלעמענט אין דעם לאַנד — די שפּראַך פֿון די וואַללאָנען, און מיר זעהען, אַז די צווייאַקסענע פֿלעמער פֿערלירען נאָך שנעלער זייער שפּראַך, אָדער זיי ערלערנען נאָך מעהר די פֿראַנצויזישע שפּראַך.

די פֿלעמער אַסימילירען זיך מיט די פֿראַנצויזען, און די צווייאַקסענע פֿלעמער אַסימילירען זיך נאָך מעהר, ווי די קינדער.

יעצט וועלען מיר זיך ווענדען צו גאַנץ בעלגיען, און דורכמאַכען מיט איהרע פּראָצענטען די זעלבע פּראָצעדור, וואָס מיר האָבען דורכגעמאַכט, אַלס ביישפּיעל, מיט מזרח־פֿלאַנדריען. אין גאַנץ בעלגיען זענען געווען אין 1866 יאָהר 49,2 % פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע און 55,3 % פֿלעמיש־שפּרעכענדע; צום 1900 יאָהר האָט זיך שוין די צאָהל פֿון די פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע פֿערגרעסערט ביז 51,7 %, און די צאָהל פֿון די פֿלעמיש־שפּרעכענדע האָט זיך פֿערקלענערט ביז 54,4 %; דאָך בלייבט די פֿלעמישע בעפֿעלקערונג אַ מעהרהייט.

יעצט נעהמען מיר די צווייאַקסענע בעפֿעלקערונג. צווישען די צווייאַקסענע זענען די פֿראַנצויזיש־שפּרעכענדע אין 1900 יאָהר געווען 58,4 %, און די פֿלעמיש־

שפּרעכענדע זענען שוין געווען סך־הכּל 56,7 %, ד. ה. שוין אויף 1,7 % ווענינער, ווי די פראַנצויזיש־שפּרעכענדע.

ד. ה. אין דער גאַנצער בעפעלקערונג, אַרײַנגערעכענט אַהער אויך די קינדער, שאַפען נאָך די פלעמיש־שפּרעכענדע אַ מעהרהײַט; אָבער צווישען דער ערוואַקסענער בעפעלקערונג זענען זיי שוין געהאָרען אַ מינדערהײַט.

דאָס בעווײַזט אַם בולט'עסטען, ווי ווײַט עס איז פערגאַנגען דער פּראָצעס פון דער אַסימילאַציע. און וואָס ווײַטער, געהט ער אַלץ שנעלער. אַזוי, נעהמען מיר די צאָהל נור־פלעמיש־שפּרעכענדע אין גאַנץ בעלגיען פאַר עטליכע יאָהר:[12].

פון 100 אײַנוואָהנער אין בעלגיען האָבען גערעדט נור־פלעמיש:

| | |
|---|---|
| אין 1866 יאָ״ר | 49,8 פּראָצענט |
| „ 1880 „ | 47,5 „ |
| „ 1890 „ | 45,2 „ |
| „ 1900 „ | 41,8 „ |

דאָס הייסט: פון 1866 יאָהר ביז 1880 יאָהר, אין משך פון 14 יאָהר, זענען פון די פלעמען אָבגעפאַלען (פערהעלטניסמעסיג) 2,3 %; פון 1880 ביז 1890 יאָהר — אין משך פון 10 יאָהר, אויך 2,3 % (די זעלבע צאָהל, ווי פריהער אין משך פון 14 יאָהר); און אינ'ם משך 10 יאָהר פון 1890 ביז 1900 יאָהר זענען שוין אָבגעפאַלען פון די פלעמען (פערהעלטניסמעסיג) גאַנצע 3,4 %. יעדע ווײַטער־דיגע 10 יאָהר פאַלט אָב אַלץ מעהר, און דעריבער האָבען מיר פריהער געזאָגט, דאָס די אַסימילירונג פון די פלעמער וועט זיך ענטוויקלען פיעל שנעלער, ווי עס קאָן זיך אויסווײַזען אין פלוג[13].

די פלעמישע מעהרהײַט אַסימילירט זיך מיט דער וואַללאָנישער מינדערהײַט, און גראַדע דאָרט, וואו די פלעמען שטעלען פאָר גאָר אַ גרויסע מעהרהײַט, אין די פלעמישע פּראָווינצען. אויב דער לעזער וועט זיך געבען אַ טרחה אויסצורעכענען די פּראָצענטען פאַר די וואַללאָנישע פּראָווינצען לויט די אַבסאָלוטע ציפערן, וואָס מיר האָבען פריהער אָנגעגעבען (אין די טאַבעלען VI—VIII), וועט ער זיך קענען לײַכט איבערצײַגען, דאָס אין די וואַללאָנישע פּראָווינצען זענען די פראַנצויזיש־שפּרעכענדע אַ גרויסע מעהרהײַט, זיי זענען געווען אַ מעהר־הײַט און בלײַבען דיזעלבע מעהרהײַט, ווי פריהער. עמיץ קאָן מיינען, דאָס די

---

[12]) די ווײַטערדיגע ציפערן נעהמען מיר גלײַך פון דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק. מיר האָבען לכתחילה נעזעהן צו בעשטעטיגען די ריכטיגקײַט פון די דאָזיגע ציפער.

[13]) יעדער פּראָצעס, וועלכער האָט נאָר אַ צוקונפט נעהט אַזוי — פון אָנפאַנג לאַנגזאַם, און דאַן אַלץ שנעלער און שנעלער. דאָס זעלבע וועט זײַן, צום בײַשפּיעל, מיט דער יודישער אײַנוואַנדערונג, נאָך פּאַלעסטינאַ: פריהער איז זי, אין די 80־טער און 90־ער יאָהרען נעגאַנגען לאַנגזאַם, אין 1905—1906 יאָהר פיעל שנעלער, דאַן זיך אויף אַ ווײַלע אָבגעשטעלט, און יעצט הויבט זיך ווידער אָן נאָך אַ שטאַרקערע יודען־אײַנוואַנדערונג אין פּאַלעסטינאַ.

פֿלעמען לערנען זיך אויס רעדען פֿראַנצויזיש ניט דערפֿאַר, ווייל זיי אסימילירען זיך, נאָר דערפֿאַר, ווייל פֿראַנצויזיש איז איבערהויפּט אַ קולטורעלע וועלט־שפּראַך, וועלכע מען לערנט ניט נור אין בעלגיען, נאָר זאָגאַר אויך אין רוסלאַנד אָדער אין יאַפּאַן; ער דאַרף אָבער ניט פֿערגעסען דאָס די פּראָצענטען וועלכע מיר האָבען געבראַכט, בעווייזען, אַז די פֿלעמישע פֿאָלקסמאַסען הויבען אָן צו רעדען פֿראַנצויזיש.

ווען די פֿלעמישע נאַציאָנאַליסטען האָבען געקעמפּפֿט פֿאַר די רעכטע פֿון דער פֿלעמישער שפּראַך, האָבען זיי געהאָפֿט, דאָס די גלייכבערעכטיגונג וועט ברענגען צו דער נאַציאָנאַלער אויפֿלעבונג, צו דעם, די נאַציאָנאַלע קולטור זאָל זיך פֿערשטאַרקען ביי די פֿלעמען. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, דאָס אַן'אָבגעשטאַנענערעס פֿאָלק קאָן פֿערהיטען זיין קולטור נור כל זמן עס איז אונטערדריקט, אַז אויב עס בעקומט אמת'ע גלייכבערעכטיגונג הויבט עס אָן זיך צו אַסימילירען מיט דער ענטוויקעלטערער בעפֿעלקערונג.

מיר רעזיומירען אונזערע בעטראַכטונגען. אין בעלגיען האָבען זיך אַרויסגעוויזען פֿאָלגענדע נאַציאָנאַלע בעציהונגען

1) די נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג האָט ניט נור ניט פֿערפֿעסטיגט די שוואַכערע נאַציע אין איהר אָבגעזונדערטהייט, נאָר פֿערקעהרט, זי האָט געבראַכט צום פֿערשווינדען פֿון דער נאַציע, צו דעם, זי זאָל זיך אַסימילירען מיט דעם שטאַרקערען פֿאָלק.

2) די פֿערמישונג פֿון די נאַציעס האָט געפֿיהרט מיט'ן גאַנג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג ניט צו נאַציאָנאַלער בעזונדערהייט אין אויטאָנאָמיע, נור דורך גלייכבערעכטיגונג צו דער אַסימילאַציע.

3) דאָס איז מעגליך נור דערפֿאַר, ווייל צווישען ביידע פֿעלקער איז ניט קיין שטאַרקער עקאָנאָמישער אונטערשיעד, ווייל ביידע פֿעלקער האָבען זיך עקאָנאָמיש נאָרמאַל ענטוויקעלט; ביי אַן'אונגאָרמאַלער נאַציע וואָלט אַזאַ אַסימילאַציע געווען אונמעגליך.

4) ווען אין איין לאַנד טרעפֿען זיך אַן'אָבגעשטאַנענערע, מעהר לאַנדווירטשאַפֿטליכע נאַציאָן מיט אַ מעהר פֿאָרטגעשריטענער, מעהר אינדוסטריאַליזירטער, הויבט זיך אָן אַ קאַמפּף, וועלכער ברענגט דערנאָך צו גלייכבערעכטיגונג און דורך דעם צו נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע.

דאָס זעלבע, קאָנען מיר האָפֿען, וועט פֿאָרקומען מיט דער צייט אויך אין עסטרייך, אין רוסלאַנד, אין טערקיי בכלל און אין פּאַלעסטינאַ בפֿרט.

וואָס אָנבעלאַנגט אונזער פּראָגראַם, ווערט אונז קלאָר, דאָס ניט אַלע מאָל איז נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע דער עיקר, דאָס ברייטע אָרטיגע זעלבסטפֿערוואַלטונג צוזאַמען מיט נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג זענען גענוג, צו בעפֿריעדיגען די נאַציאָנאַלע בעשטרעבונגען פֿון אַ אונטערדריקטען פֿאָלק, אויב דער דאָזיגער פֿאָלק איז נור אָבגעשטאַנען אין זיין עקאָנאָמישער סטרוקטור, אָבער ער ליידט ניט פֿון קיין ספּעציפֿישע אַנאָמאַליען אין דיזער הינזיכט. דאָס איז וויכטיג צו האָבען אין זינען, אומעטום, סיי, ווען מיר רעדען וועגען דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע אין

רוסלאַנד, סײַ, װען מיר רעדען װעגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין עסטרײַך, צי אין טערקײַ.

ספּעציעל אָבער מכּה אונזערע אױפגאַבען אין פּאַלעסטינאַ, קומען מיר צו דער איבערצײַגונג, דאָס אױב איבעראַל װעלען זיך ענטװיקלען די נאַציאָנאַלע פערהעלטניסען אַזױ װי אין בעלגיען, מוז דאָסזעלבע אױך פּאָרקומען אין פּאַלעסטינאַ, ד. ה. דאָרט װעט זיך אױך אַ מעהר אָבגעשטאַנענע, מעהר לאַנדװירטשאַפטליכע נאַציאָנאַלע מעהרהײַט אַסימילירען מיט אַ מעהר ענטװיקעלטער, מעהר אינדוסטריאַליזירטער נאַציאָנאַלער מינדערהײַט: די „אַראַבער“ װעלען זיך אַסימילירען מיט די יודען. דערפון איז קלאָר, דאָס אױב אומעטום הערשען די זעלבע ענטװיקלונגס-געזעצען, װי אין בעלגיען, איז פאַר אונז, טערריטאָריאַליסטען, גאָר ניט נױטיג, יודען זאָלען אין פּאַלעסטינאַ באַלד פון אָנפאַנג שאַפען אַ מעהרהײַט: זײ דאַרפען דאָרט פערנעהמען די װיכטיגסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, און אױב די יודען װעלען אפילו ניט זײַן קײַן מעהרהײַט אין פּאַלעסטינאַ, אױב זײ װעלען אפילו ניט אַריבערגעהן גלײַך און אײנפאַך צו דער לאַנדװירטשאַפט, בעדײַטעט עס דאָך ניט קײַן סכּנה פאַר דער יודישער בעפעלקערונג אין פּאַלעסטינאַ, — בײַ אײן בעדינגונג: יודען זאָלען ניט פערבלײַבען אױך אין פּאַלעסטינאַ בײַ זײער געװעהנליכער לופט-װירטשאַפט.

דאָס איז אַלעס גערעדט אױף דעם פאַל, אױב אומעטום הערשען די זעלבע ענטװיקלונגס-טענדענצען, װי אין בעלגיען. אָבער אין דער דאָזיגער פראַגע איז שױן דאָ ניט קײַן אָרט אַרײַנצוגעהן. צו דער פראַגע װעלען מיר זיך אומקעהרען אַנ׳אַנדערש מאָל.



## כַּתְרִיאֵל.

# דִי וֶועלְט־ווִירְטְשַׁאפְטְלִיכֶע גְרוּנְדְזֶעצֶען

## פון ציוניזם.

.I

דער ציוניזם שטיצט זיך אויף צוויי יסודות. ער אַנערקענט, דאָס די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט פיהרט, ערשטענס, צו דער ענטשטעהונג פון אַ יודישען פויערים־קלאַס און, צווייטענס, צו דער ענטשטעהונג פון אַ עקאָנאָמיש זעלבסשטענדיגער יודישער געזעלשאַפט. די דאָזיגע צוויי פּראָצעסען זענען צווישען זיך ענג פערקניפּט און איינער שטאַמט פון צווייטען. די ענטשטעהונג פון אַ יודישען פויערים־קלאַס וועט ממילא ברענגען מיט זיך די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע זעלבסשטענדיגקייט פונ'ם יודישען פאָלק.

געגען אָט די צוויי גרונדפּרינציפּען פונ'ם ציוניזם ריכטען זיך הויפּטזעכליך די אַרגומענטען און טענות פון זיינע געגנער. זיי סטאַרען זיך אויפצואווייזען, אַז דער ציוניזם געפינט זיך אין אַ סתירה מיט די אַלגעמיינע ענטוויקלונגס־טענדענץ פון דער מענשהייט. בנוגע דעם ערשטען פּונקט, טענה'ן זיי, אַז נישט די שטעדטישע איינוואָהנער ווערען פויערים, נאָר פערקעהרט, גרויסע פויערים־מאַסען וואַרפען אַוועק זייערע אַלטע בעשעפטיגונגען, עמיגרירען אין די שטעדט און נעהמען זיך דאָרט צו נייע פּרנסות. און בנוגע, ווידער, דעם צווייטען פּונקט, ווייזען זיי אָן, דאָס די נאַציאָנען ווערען ניט וואָס ווייטער מעהר עקאָנאָמיש זעלבסשטענדיג, נאָר גאָר דער היפוך דערפון: די פעלקער ווערען אַלץ מעהר אַריינגעצויגען אין דער וועלט־ווירטשאַפט און פערלירען אַלץ מעהר זייער אונאָבהענגיגקייט.

קודם כל ווילען מיר בעמערקען, דאָס בכלל און בעזונדערס נאָך אין די סאָציאַלע וויסענשאַפטען, זענען ניט פאַרהאַן קיינע אַבסאָלוטע אמת'ען. דאָס ס'איז ריכטיג אין אַלגעמיין, קאָן זיך ביי געוויסע אומשטענדען אַרויסווייזען דוקא פאַלש. הייסט עס, ווען מען זאָל אַפילו אַ רגע מסכים זיין, אַז די עמיגראַציע פון דאָרף אין שטאָדט און די פערניכטונג פון דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער זעלבסשטענדיגקייט איז אַן אַלגעמיינע טענדענץ, איז נאָך פונדעסטוועגען דערפון ווייט ניט געדרונגען, אַז ביי דעם יודישען פאָלק ווירקען נישט קיין אַנדערע, געגענזעצליכע טענדענצען. אויב מיר ווילען קומען צו אַ ריכטיגען שלום וועגען דער צוקונפט פון די יודען, טאָרען מיר זיך ניט בעגניגען מיט אַלגעמיינע געזעצען, נאָר מיר דאַרפען אויספאָרשען די יודישע ווירקליכקייט און זעהן, אויב ביי אונז איז

נישט פֿאַרהאַן עטוואָס אַזוינס, וואָס ווירקט געגען די אַלגעמיינע רעגעל׳ן. פֿון דער אַנדער זייט, ווידער, מיינען מיר ניט מיט דעם צו זאָגען, אַז די יודען זענען אין דער אמת׳ען, אַנ׳אויסנאַהם פֿון דעם אַלגעמיינעם געזעץ, אַז פֿאַר זיי, אַלס פֿאַר אַנ״עם-הנבחר” האָט די היסטאָריע משנה טבע געווען און אַלע סאָציאַלע געזעצען אָפּגעשטעלט מיט׳ן קאָפּ אַראָב. אַזאַ קוק איז פֿאַלש און פֿון איהם שטאַמען אַרויס פֿיעל טעותים און פּלאָנטערניסען. פֿאַקטיש ווירקען נישט ביי׳ם יודישען פֿאָלק קיינע אַנדערע ענטוויקלונגס-געזעצען, ווי ביי אַנדערע פֿעלקער. און דע-ריבער קענען מיר די יודען-פֿראַגע פֿערשטעהן ריכטיג נור דאַן, ווען מיר וועלען זי בעטראַכטען נישט אַלס עטוואָס בעזונדערעס און אָבגעזונדערטעס, נאָר אין צו-זאַמענהאַנג מיט דער אלגעמיינער ענטוויקלונג.



קיינער וועט געווים נישט לייקענען דעם פֿאַקט, אַז די היינטיגע ווירטשאַפֿט טראָגט אַנ׳אַלוועלטליכען כאַראַקטער. די געוואַלטיגע אויסברייטונג פֿונ׳ם וועלט-האַנדעל, די איבערראַשענדע ענטוויקלונג פֿון די פֿערקעהרס-מיטלען, די אונגעהויערע מאַסען-סחורות, וואָס ווערען געוואָרפֿען פֿון לאַנד צו לאַנד, די וואַקסענדע ווירטשאַפֿטליכע אָבהענגיגקייט פֿון די לענדער, די מאַסען-עמיגראַציע — דאָס אַלץ איז אַ גענוגענדער בעווייז פֿאַר אָט דער בעהויפּטונג. דאָסגלייכען מוז מען אַנער-קענען די הערשענדע שטעלונג פֿון דער אינדוסטריע צו דער לאַנדווירטשאַפֿט. אַלס עדות זענען די ריעזען-שטעדט מיט זייער מיליאָנען-קעפּיגער בעפֿעלקערונג, די אונגעהויערע אינדוסטריע-צענטרען מיט זייערע געוואַלטיגע אַרבייטער-אַרמעען, די גרויסע אַנציהונגס-קראַפֿט פֿון דער אינדוסטריע אויף דער דאָרפֿישער בעפֿעל-קערונג, וועלכע דריקט זיך אויס אין דער צאָהל-רייכער עמיגראַציע פֿון דאָרף אין שטאָדט. נאָר צי בעשטעטיגען די אַלע ערשיינונגען די מיינונגען פֿון אונזערע געגנער, ביי וועמען די היינטיגע ווירטשאַפֿט איז עפּיס אַ מין ריעזען-טאָפּ, אין וועל-כען דער ריעזען-קאָכלעפֿעל — קאַפּיטאַליזם מישט צוזאַמען אַלע נאַציאָנען אין איין אַלגעמיינער קאַשע, וואָס רופֿט זיך אָן „מענשהייט”? צי שטויסט זיך אָן אין דער אמת׳ען די שטרעבונג פֿון אונזער פֿאָלק צו זעלבסטשטענדיגקייט אין צוריק-צוקעהרען צו דער מוטער-נאַטור אויף אַנ׳אייזערנע וואַנד פֿון סאָציאַלע געזעצען? דאָס צו אונטערזוכען, איז די אויפֿגאַבע פֿון אינזער אַרטיקעל.



דער אויסערער האַנדעל איז, ווי קויטסקי דריקט זיך אויס*), דער האַנדעל צווישען פֿערשידענע געזעלשאַפֿטליכע קאָלעקטיווען. וויבאַלד אָבער מיר רעדען וועגען די פֿעלקער, אַלס וועגען געזעלשאַפֿטליכע קאָלעקטיווען, קאָ-

---

*) סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און האַנדעלס-פּאָליטיק.

גען מיר דאָך זיי שוין זיך ניט פֿאָרשטעלען אַלס אַ סומע פֿון איינצעלנע פּערזאָנען, נאָר אַלס עטוואָס עקאָנאָמיש גאַנצעס, זעלבסטשטענדיגעס. היינט עס, אַז דער וועלט־כאַראַקטער פֿון דער מאָדערנער ווירטשאַפֿט האָט ניט אָבגעווישט איהר נאַציאָנאַלען האַראַקטער. אַזוי איז עס אין דער געגענוואַרט. אָבער אין דער צוקונפֿט?

דער יסוד פֿון דעם וועלט־האַנדעל איז די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטס־טיילונג, ד. ה., וואָס נישט אין אַלע לענדער ווערען אויסגעאַרבייט איינע און דיזעלביגע פּראָדוקטען און ס'קומט דעריבער פֿאָר אַן'אויסבייט פֿון פּראָדוקטען צווישען פֿער־שידענע לענדער. אָט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטס־טיילונג האָט צוויי קוועלען: 1) די נאַטוראַלע אַרבייטס־טיילונג און 2) די סאָציאַלע אַרבייטס־טיילונג. די ערשטע אַרט אַרבייטס־טיילונג שטאַמט פֿון די נאַטור־פֿערשידענהייטען פֿון די פֿערשידענע ערטער; די קלימאַטישע און געאָגראַפֿישע פֿערשידענהייטען פֿון די לענדער רופֿען אַרויס פֿערשידענהייטען אין דער פּראָדוקציאָן. די קאַלטע לענדער, למשל, גיבען אַרויס אַנדערע פּראָדוקטען ווי די וואַרימע, אין די ים־געגענדען האָט די פּראָדוקציאָן אַן'אַנדער האַראַקטער ווי אין די געגענדען, וועלכע ליגען ווייט פֿון ים. דעסגלייכען שטאַמען אַרויס פֿערשידענהייטען אין דער פּראָדוקציאָן צוליעב די פֿערשידענהייטען פֿון די אינעווייניגסטע ערד־אוצרות. און אַזוי ווי די סיבות, וואָס רופֿען אַרויס די דאָזיגע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטס־טיילונג האָבען אַ שטענדיגען האַראַקטער, האָט דעריבער די אַרבייטס־טיילונג זעלבסט אויך אַ שטענדיגען האַראַקטער. עס קאָן גאָר קיין רעד ניט זיין, אַז דער האַנדעל, וואָס שטאַמט פֿון דיזער קוועלע זאָל פֿערשווינדען. פֿערקעהרט, ער האָט נאָך די טענדענץ צו וואַקסען. מיט דעם פּראָגרעס פֿון דער מאַטעריעלער קולטור וואַקסען די מענשליכע בעדערפֿנישען און עס פֿערמעהרען זיך די מעגליכקייטען זיי צו בעפֿרידיגען. וואָס פּראָדוקטיווער עס ווערט די אַרבייט אין אַ געגעבענער געגענד, בעקומט זי די מעגליכקייט, אַן־אַלץ גרעסערען טייל פֿון די פּראָדוקטען, וועלכע זי קאָן נישט פֿערנוצען, אויס־צובייטען אויף פּראָדוקטען פֿון אַנדערע געגענדען. דער דאָזיגער אויסבייט האָט אַ גרויסע קולטורעלע בעדייטונג און איז נויטווענדיג פֿאַר דער מענשליכער ענט־וויקלונג. ווען דער מאָדערנער פּויער, למשל, בעגניגט זיך ניט, ווי זיין טאַטע אָדער זיידע, מיט דעם ברויט פֿון זיין פֿעלד און מילך פֿון זיין קוה, אין בעלייכט נישט מעהר זיין וואָהנונג אין די ווינטער־נעכט מיט קינעלעך, נאָר זיינע שטענדיגע געברויכס־פּראָדוקטען, אָהן וועלכע ער קאָן ניט אויסקומען זענען געוואָרען אַזעלכע פּראָדוקטען פֿון פֿערשידענע לענדער ווי קאַפֿע, טהע, רייז, נאַפֿט און ז. וו. — בעווייזט עס אַ העכערע קולטור־מדרגה. און דאָס האָט ער צו פֿערדאַנקען דעם פּראָגרעס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, וואָס גיט איהם אַן'איבערפֿלוס פֿון פּראָדוקטען, וועלכע ער פֿערקויפֿט אויפֿ'ן מאַרק און קויפֿט פֿאַר זייער געלד זיך אַנדערע אַרטיקלען.

די נאַטוראַלע אַרבייטס־טיילונג איז אָבער נישט דער איינציגער מקור פֿון וועלט־האַנדעל. דער צווייטער מקור איז די סאָציאַלע אַרבייטס־טיילונג, ד. ה. די אַרבייטס־טיילונג, וואָס שטאַמט פֿון סאָציאַלע סיבות. אַזוי ווי ניט אַלע פֿעלקער געפֿינען זיך אויף דער זעלבער שטופֿע פֿון קולטור, קומט דעריבער פֿאָר אַן'אויס־

בייט פֿון פּראָדוקטען צווישען העכער און נידעריגער ענטוויקעלטע פֿעלקער. ווען ענגלאַנד, למשל, שטעלט־צו אויפֿ'ן וועלט־מאַרק גרויסע מאַסען פֿון מאַשינען און טעקסטיל־סחורה, איז עס נישט דערפֿאַר, וואָס ענגלאַנד איז אַ בעסערער באָדען פֿאַר די דאָזיגע פּראָדוקציאָנען, נאָר דערפֿאַר, וואָס דאָס ענגלישע פֿאָלק איז טעכניש העכער ענטוויקעלט פֿאַר אַנדערע פֿעלקער. אָבער אַזוי ווי די נידעריג ענטוויקעלטע פֿעלקער שטרעבען צו דערגרייכען די קולטור־מדרגה פֿון די הויך־ענטוויקעלטע, מוז דער דאָזיגער סאָציאַלער אונטערשיד מיט דער צייט פֿערשווינדען. ביי אַ געוויסער שטופֿע פֿון ענטוויקלונג פּראָדוצירען די פֿעלקער זעלבסט יענע פּראָדוקטען, וועלכע זיי פֿלעגען אַמאָל אַריינפֿיהרען צו זיך פֿון דער פֿרעמד. רוסלאַנד קויפֿט שוין כמעט נישט מעהר קיין ענגלישע טעקסטיל־סחורה, ווייל די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט זיך אין רוסלאַנד גופֿא ענטוויקעלט. דער וועלט־האַנדעל, וואָס האָט אַ סאָציאַלען מקור איז, אַלזאָ, נור אַ פֿאָריבערגעהענדע ערשיינונג.

אויף אַזאַ אופֿן זעהען מיר אין דער היינטיגער ווירטשאַפֿט צוויי טענדענצען. פֿון איין זייט — די שטרעבונג צו פֿערגרעסערען דעם אויסבייט פֿון סחורה און, הייסט עס, צו פֿערקלענערען די עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די פֿעלקער; פֿון דער, אַנדער זייט, זעהען מיר, די שטרעבונג צו פֿערקלענערען דעם אויסבייט פֿון פּראָדוקטען און, הייסט עס, צו מאַכען די פֿעלקער וואָס מעהר אינאָבהענגיג איינעם פֿון אַנדערען. דאָס לעצטע וועט אונז נאָך מעהר קלאָר ווערען, ווען מיר וועלען נעהמען אין בעטראַכט פֿאָלגענדעס.

געוועהנליך מאַכט מען אַנ'אונטערשייד צווישען אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער. נישט ענדערענדיג וואָס אין דער זאַך, וואָלט מען אַזוי גוט אויך קאָנען רעדען וועגען אינדוסטריע־און אַגראַר־פֿעלקער. דען פֿאַקטיש, לעבען טאַקי אין די אינדוסטריע־לענדער — אינדוסטריע־פֿעלקער און אין די אַגראַר־לענדער — אַגראַר־פֿעלקער. אינדוסטריע־לענדער רופֿט מען נישט אַזעלכע לענדער, וואו די בעפֿעלקערונג בעשעפֿטיגט זיך אויסשליסליך מיט אינדוסטריע, נאָר וואו די אינדוסטריע איז די פֿאָרהערשענדע.. ענגלאַנד אַפֿילו, דאָס אינדוסטריעלסטע לאַנד פֿון דער וועלט, האָט אויך אַ לאַנדווירטשאַפֿטליכע בעפֿעלקערונג, הגם זי איז, פֿערהעלטנימעסיג זעהר קליין: נור 11 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג.

צווישען אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער קומט פֿאָר אַ גרויסער אויסבייט פֿון פּראָדוקטען. די לעצטע שטעלען צו פֿאַר די ערשטע נאַהרונגס־מיטלען און רויהע מאַטעריאַלען. אין די אינדוסטריע־לענדער ווערען די רויהע מאַטעריאַלען פֿערארבייט און קעהרען זיך טיילווייז צוריק אום, אין פֿאַרטיגען צושטאַנד, אין די אַגראַר־לענדער. דער דאָזיגער האַנדעלס־פֿערקעהר האָט הויפּטזעכליך אַ סאָציאַלען מקור. ווען עס ווערען אַהין און צוריק טראַנספּאָרטירט די זעלבע פּראָדוקטען פֿון לאַנד צו לאַנד און ס'ווערט געצאָהלט פֿאַר דאָפּעלטע פֿראַכט, איז עס דאָך נור דערפֿאַר, ווייל די אַגראַר־לענדער האָבען נישט בכח זייערע איגענע רויהע מאַטעריאַלען אין גאַנצען צו פֿערבייטען. און ווען מיר זעהען איבעראַל די שטרעבונג פֿון די אַגראַר־לענדער צו ענטוויקלען ביי זיך אַליין אינדוסטריע, איז עס נישט אַנדערש,

ווי די שטרעבונג צו פערניכטען דעם דאָזיגען סאָציאַלען אונטערשיעד מיט אַלע זיינע פאָלגען.

אין דעם, וואָס די אַגראַר־לענדער שטרעבען אַריבערצוגעהן צו דער אינדוסטריע, זעהט קויטסקי איין, אַ שטרעבונג, צו בעפרייען זיך פון דער עקספּלואַטאַציע דורך די אינדוסטריע־לענדער. נאָך אָט דער מיינונג, קומט, אַלזאָ אויס, דאָס ווען די אַגראַר־לענדער ווענדען אָן אַלע מיטלען, אויסצושליסען די פּרעמדע פּראָדוקטען פון זייער מאַרק, פיהרען זיי דערמיט אַ מין קלאַסענקאַמפּף געגען די אינדוסטריעלע לענדער. אַזאַ פּשט קאָן די פראַגע נישט קלאָר מאַכען, נאָר פערדונקלען.

עס קאָן, נאַטירליך, פאָרקומען, און ס'קומט טאַקי אָפט פאָר, אַז אינדוסטריע־לענדער זאָלען עקספּלואַטירען אַגראַר־לענדער. אָבער חוץ די פּראָצענטען פאַר הלוואות און דעם פּראָפיט פון די קאַפּיטאַלען, וואָס ווערען אַריינגעלעגט אין אויסלענדישע אונטערנעהמונגען, איז דאָך די עקספּלואַטאַציע פון די אַגראַר־לענדער נישט קיין שטענדיגע ערשיינונג. עס טרעפט, אַז די אינדוסטריע־לענדער פערקויפען זייערע פּראָדוקטען העכער ווי זייער ווערט איז, און אַז פאַר אַ געוויסער סומע פון אויפגעווענדעטע אַרבייט, בעקומען זיי צוריק אַ גרעסערע סומע אַרבייט. אָבער דאָס איז דאָך ניט נויטווענדיג פערבונדען מיט'ן אינטערנאַציאָנאַלען האַנדעלס־פערקעהר. מיר קאָנען זיך פאָרשטעלען אויך אַנדערע פאַלען, ווען עס פּאַסירט פערקעהרט,—די אינדוסטריע־לענדער פערקויפען זייערע פּראָדוקטען נידעריגער פון זייער ווערט, וואָס ס'קומט, נאַטירליך, פאַר זעלטענער. אַזעלכע פאַלען, זעהען מיר, למשל, ביי די עקספּאָרט־פּרעמיעס, וועלכע גיבען די מעגליכקייט די קאַפּיטאַליסטען צו פערקויפען די פּראָדוקטען פון דער היימישער אינדוסטריע נידעריגער פון זייער פּראָדוקציאָנס־פּרייז, כדי בעסער אויסצוהאַלטען די קאָנקורענץ אויפ'ן וועלט־מאַרק. דער הויפּט־גרונד, פאַרוואָס די אַגראַר־לענדער שטרעבען צו ענטוויקלען אַנ'אייגענע אינדוסטריע, איז ניט דאָס, וואָס זיי ווערען עקספּלואַטירט דורך די אינדוסטריע־לענדער. די עקספּלואַטאַציע קומט־פאָר אין די אינדוסטריע־לענדער גופא, וואו די קאַפּיטאַליסטען זויגען־אויס זייערע אַרבייטער. נישט קיין קלאַסען־קאַמפּף פיהרען, למשל, די אונגאַרישע פאַבריקאַנטען געגען דער עסטרייכישער בורזשואַזיע, ווען זיי סטאַרען זיך מיט אַלע כחות אַרויסצושטופען די עסטרייכישע סחורה פון דעם אונגאַרישען מאַרק, און נישט פון רחמנות־וועגען צו דעם אונגאַרישען קויף־עולם, וואָס ווערט דורך די עסטרייכער „עקספּלואַטירט", שטרעבען זיי דעם אונגאַרישען מאַרק פאַר זיך צו מאָנאָפּאָליזירען.

די אַגראַר־לענדער בעציהען זיך צו די אינדוסטריע־לענדער, ווי אַ ר ב ײ ט ס־ג ע ב ע ר צו אַרבייטס־נ ע ה מ ע ר, ניט זענענדיג אַליין אים שטאַנד צו פעראַרבייטען זייערע אייגענע רויהע מאַטעריאַלען, גיבען די אַגראַר־לענדער אָב אַ בעדייטענדען טייל פון זייערע לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען די אינדוסטריע־לענדער, אַלס בעצאָלונג פאַר די אַרבייטען, וואָס יענע האָבען געשאַפען. ס'איז דעריבער גאַנץ נאַטירליך, וואָס די אַגראַר־לענדער שטרעבען צו זיין אַליין פעהיג צו אָט די אַרבייטען, כדי וואָס וועניגער פּראָדוקטען אָבצוגעבען די אַנדערע לענדער. בעזונדערס

צווינגט זיי דערצו, דער צו-וואוקס פון דער בעפעלקערונג, וועלכער געפינט נישט גענוג פערווענדונג פאר זיין ארבייטס-קראפט אין דער לאנד-ווירטשאפט. אין דער שטרעבונג פון די אגראר-לענדער צו ענטוויקלען אן'אייגענע אינדוסטריע, דריקט זיך אויס, נישט די שטרעבונג צו פערניכטען די עקספלואטאציע, נאר אבצושאפען די עקאנאמישע אבהענגיגקייט און די טעכנישע אבגעשטאנענקייט. די אגראר-לענדער ווילען ניט געבען די אינדוסטריע-לענדער ניט נור קיין מ ע ה ר-ווערט און מ ע ה ר-ארבייט, נאר אויך, און דער עיקר, קיין חוג״ט אין ארבייט. די עקאנאמישע קאנפליקטען צווישען ביידע סארטען לענדער זענען ניט קיין קלאסען-קאנפליקטען, נאר נאציאנאלע קאנפליקטען.

דערמיט ווילען מיר ניט, נאטירליך, להלוטין אבלייקענען דעם קלאסען-כאראקטער פון די דאזיגע קאנפליקטען.. אבער אט דער כאראקטער טרעט ארויס מעהר אינעווייניג, ווי אנטקעגען דרויסען. אין דער בעציהונג צו די אינדוסטריע-פעלקער קאנען די אגראר-פעלקער בעטראכט ווערען, אלס גאנצעס. ווען מיר נעהמען זיי אבער בעזונדער, צופאלען זיך די ערשטע ווי די לעצטע אויף בעזונדערע קלאסען, וועמענס אינטערעסען קאנען צוזאמענטרעפען, וועלכע זענען אבער קיינמאל נישט די זעלבע. די בורזשואזיע, די ארגאניזאטארין פון דער פראדוקציאן אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, סטארעט זיך צו ענטוויקלען א אינדוסטריע אין די אגראר-לענדער, נישט מחמת זי זארגט פאר די צרכי-צבור, נישט מחמת זי איז אויסען וועלכע עס איז נאציאנאלע אינטערעסען, נאר האבענדיג אין זינען אירע אייגענע קלאסען-אינטערעסען. צוליעב געוויסע סיבות, וואס דא איז ניט דער ארט זיי צו אונטערזוכען — איז דער קאפיטאל-פראפיט אין דער אינדוסטריע אין דורכשניט גרעסער, ווי אין דער לאנדווירטשאפט. דאס איז שוין פאר דער בורזשואזיע גענוג, זי זאל זיך מיט גרויס „אימפעט" און הייסען „פאטריאטיזם" א ווארף געבען צו דער אינדוסטריעלער פראדוקציאן. אבער ווען די בורזשואזיע געפינט אין אירע שטרעבונגען די אונטערשטיצונג פון די אנדערע קלאסען, איז עס, ווידער, נור דערפאר, ווייל זייערע אינטערעסען געפינען זיך אויף דער זעלבער ליניע.

אז די ארבייטס-טיילונג צווישען אינדוסטריע-און אגראר-לענדער האט די טענדענץ צו פערשווינדען — דאס בעווייזט אונז קלאר די סטאטיסטיק. די וויכטיגסטע ראלע אין דעם היינטיגען עקספארט פון אינדוסטריע-סחורה שפילען נישט מעהר די געברויכס-מיטלען, נאר די פראדוקציאנס-מיטלען. אזוי האט זיך פון יאהר 1880 ביז 1897 דער עקספארט פון ענגלישע טעקסטיל-סחורה פערקלענערט אויף 243,4 מיליאנען מארק. ווען אין אלגעמיין האט זיך ד א ך דער ענגלישער עקספארט פערגרעסערט, איז עס נור א דאנק דעם עקספארט פון מעטאל-סחורה און שטיינקוילען, ס'הייסט, פון פראדוקציאנס-מיטלען, וועלכער איז געשטיגען ביי די ערשטע אויף 111 מיליאנען מארק און ביי די לעצטע אויף 165 מיליאנען מארק. עהנליך צו דעם זענען אויך די פערהעלטניסען אין דייטשלאנד. דאס ערקלערט זיך דערמיט, וואס די ניי-קאפיטאליסטישע לענדער זענען ש ו י ן גענוג ענטוויקעלט, צו קענען אליין פראדוציר'ען דעם גרעסטען טייל פון זייערע געברויכס-ארטיקלען, זיי האבען אבער נ א ך נישט דערגרייכט די קולטור-מדרגה, אליין צו פראדוצירען

די אינסטרומענטען פֿון דער פּראָדוקציאָן. די פּראָדוקציאָנס־מיטלען קויפֿען זיי אין די אַלט־קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און זאָגאַר פֿאַר די געלד פֿון די לעצטע, וועלכע האָבען אַנ׳איבערפֿלוס אין קאַפּיטאַלען און לעגען זיי אַריין אין אויס־לענדישע מלוכה־הלואות און אַקציען־געזעלשאַפֿטען. די איראָניע פֿון דער געשיכטע פֿערלאַנגט, אַלזאָ, אַז די לענדער מיט הויכער אינדוסטריע זאָלען פֿאַר זייער אייגען געלד אַליין צושטעלען פֿאַר זייערע קאָנקורענטען כּלי־זיין, מיט וועלכע די לעצטע פֿיהרען געגען זיי דעם עקאָנאָמישען קאַמפֿ. וואָס ווייטער עס ענטוויקלען זיך די אַגראַר־לענדער, וועלען זיי אַלץ מעהר בעקומען די מעגליכקייט אַליין צו פֿערפֿערטיגען אויך זייערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען.

די שטרעבונג פֿון די אַגראַר־לענדער צו עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיגקייט, ווערט אונטערשטיצט דורך פֿערשידענע מיטלען. דאָרט, וואו עס געפֿינט זיך אויף דער זייט פֿון אָט דער שטרעבונג די רעגירונגס־מאַשין, ווערען אַרויפֿגעלעגט אויף די פֿרעמדע סחורות גרויסע אָבצאָלונגען, כּדי זיי קינסטליך צו פֿערטייערען און, אויף אַזאַ אופֿן, מאַכען די אָרטיגע אינדוסטריע קאָנקורענץ־פֿעהיגער. אָבער אויך אין דער מלוכה גופֿא געפֿינען די יונגע אינדוסטריע־פֿעלקער מיטלען, ווי אויסצושליסען די פֿרעמדע סחורה פֿון זייער מאַרק. די ראָלע פֿון די אימפּאָרט־אָבצאָלונגען שפּילען דאָרט די שפּראַך און דער געזעלשאַפֿטליכער בּאָיקאָט. די אַלע נאַציאָנאַליטעטען־קאַמפֿען אין עסטרייך־אונגאַרן, האָבען, על פּי רוב, איין מקור: אַגראַר־פֿעלקער, וועלכע האָבען אַלאַנגע צייט געדינט אַלס מאַרק פֿאַר דער עסטרייך־דייטשער אינדוסטריע אין אַלס איהרע שפּייזער מיט לאַנד־ווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקטען, קולטורעל אונענטוויקעלט, עקאָנאָמיש אָבהענגיג, פּאָליטיש אונטערדריקט, האָבען זיך יעצט אויפֿגעהויבען צו דער קולטור־מדרגה פֿון אינדוסטריע־פֿעלקער, דערגרייכט די מעגליכקייט צו פֿיהרען אַ פֿערהעלטניס־מעסיג זעלבסטשטענדיגע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, מאַכען זיך, מיט די שטאַרקע אָרעמס פֿון אָקאָרשט־ציוויליזירטע פּויערים־פֿעלקער, פּלאַץ אויפֿ׳ן מאַרק און קעמפֿען פֿאַר פּאָליטישען און קולטורעלען איינפֿלוס. נאָר גרויסע פּאָליטישע קינדער, ווי די בּונדיסטישע רובּנאָהיסטען, קאָנען גלויבען, אַז אין דער אמת׳ען, זענען די סיבות פֿון דעם עסטרייך־אונגאַרישען קאָנפֿליקט, למשל, „קולטור־שטריי־טיגקייטען", ווי אַ שטייגער, דער שטרייט וועגען דער שפּראַך אין דער אונגאַרישער אַרמעע.. ווי עס איז בעוואוסט, איז דער אידעאַל פֿון די גענעראַלען, אַז די סאָל־דאַטען זאָלען איבערהויפּט וועניג רעדען, נאָר וואָס מעהר שווייגען. אויף אַזאַ אופֿן וואָלט אויסקומען, אַז די אונגאַרען פֿיהרען אַ העפֿטיגען קאַמפֿ דערפֿאַר, אַז זייער חיל זאָל שווייגען נישט אויף דייטש, נאָר דוקא אויף אונגאַריש. זעהר אידעאַליסטיש, ניט אמת? צום בעדויערען, זענען, אָבער, די אונגאַרישע קאַפּיטאַליסטען אין דער הינזיכט בעסערע מאַרקסיסטען, ווי אונזערע סאָציאַלי־סטישע מאָנאָפּאָליסטען פֿונ׳ם מאַרקסיזם, און דאָ ניט לאַנג, האָבען זיי אויפֿ׳ן צוזאַמענפֿאָהר פֿון אינדוסטריעלען און האַנדעלס־פֿערבאַנד, גאַנץ גענוי אויסגע־רעכענט, וויפֿיעל מיליאָנען עס וואָלט זיי אַריינטראָגען די אַרויסשטופּונג פֿון דער עסטרייכישער אינדוסטריע פֿון דעם אונגאַרישען מאַרק. איבעריגענס, ווייסט יעדער, אַז די אונגאַרישע הויפּט־פֿאָדערונג איז, די בּעגרענצונג פֿון דעם עסטרייכישען אימ־

פּאָרט דורך הילכע אָבצאָלונגען. אויב דער נאַציאָנאַלער קאַמף נעהמט אָן די פֿאָרם פֿון אַ קולטור-קאַמף, איז עס נור דערפֿאַר, וואָס, ערשטענס, לאָזען זיך די נאַקעטע עקאָנאָמישע אינטערעסען זעהר לייכט בעהאַלטען אונטער דעם קולטור-מאַנטעל, און, צווייטענס, וואָס ס'איז דער עיקר, דינט די קולטור זעלבסט פֿאַר אַ מעכטיגען פֿאַקטאָר אין דעם עקאָנאָמישען קאַמף. שטעלט דאָך אויך דער פּראָלעטאַריאַט אַרויס אין זיין סאָציאַליסטישען פּראָגראַם קולטור-פֿאָדערונגען, ווי אַלגעמיינע אומזיסטע צוואַנגס-אונטערריכט און ז. וו.

ס'איז געוועזען אַ צייט, ווען מען האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז וואָס מעהר די פֿעלקער וועלען זיך דערנעהנטערען איינער צום אַנדערען אין דער קולטור, אַלץ ברידערליכער וועלען זיי צווישען זיך לעבען. דער קאַפּיטאַליזם האָט, אָבער, צווישען זיינע פֿיעל סתירות אַרויסגעוויזען אויך די סתירה, אַז וואָס מעהר די פֿעלקער דערנעהנטערען זיך קולטורעל, דערווייטערען זיי זיך אַלץ מעהר עקאָנאָמיש. אַ געוויסע אינטערעסען-האַרמאָניע עקזיסטירט דוקא צווישען פֿעלקער פֿון פֿערשידענע קולטור-מדרגות; אַ הויך-ענטוויקעלטעס אינדוסטריע-פֿאָלק האָט אַ געוויסען אינטערעס אין דעם וואויל-געהן פֿון זיין קונד, דעם נידעריגער ענטוויקעלטען אַגראַר-פֿאָלק, דען ווען דער לעצטער געפֿינט זיך אין אַ געדריקטער לאַגע, איז זיין קויפֿפֿעהיגקייט שוואַכער. אָבער ווי באַלד דאָס אַגראַר-פֿאָלק הויבט זיך אויף צו דער קולטור-מדרגה פֿונ'ם אינדוסטריע-פֿאָלק און הערט אויף צו זיין דער קונה פֿון לעצטען, הויבט זיך גלייך אָן די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, און צוזאַמען מיט דער אינטערעסען-סאָלידאַריטעט פֿערשווינדט אויך דער אידעאַל פֿון דער פֿעלקער-פֿערברידערונג, ווי אַ רויך. אין אָנפֿאַנג פֿון דעם 19-טען יאָהר-הונדערט, ווען ענגלאַנד איז געוועזען דאָס איינציגע אינדוסטריעלע לאַנד אין דער וועלט, איז די ענגלישע בורזשואַזיע געוועזען קאָסמאָפּאָליטיש געשטימט; היינט, אָבער, ווען עס זיינען שוין אינדוסטריאַליזירט מעהרע לענדער, איז די אידעאָלאָגיע פֿון דער ענגלישער בורזשואַזיע געוואָרען דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם און אימפּעריאַליזם.

ווען די אַגראַר-לענדער עמאַנסיפּירען זיך פֿון די אינדוסטריע-לענדער און בעקומען די מעגליכקייט צו בעפֿרידיגען זייערע בעדערפֿנישען אין אינדוסטריעלע פּראָדוקטען דורך זייער אייגענער פּראָדוקציאָן, מוז די דאָזיגע ערשיינונג האָבען אַ שעהדליכע ווירקונג אויף די אינדוסטריעלע לענדער, נאָר אין דער געגענזעצליכער ריכטונג. די אינדוסטריעלע לענדער פֿערלירען ניט נור זייערע קונדען, נאָך אויך זייער ליפֿעראַנטען פֿון רויהע מאַטעריאַלען און נאַהרונגס-מיטלען, וועלכע זיינען נויטיג אין די אַגראַר-לענדער פֿאַר דער ענטשטעהענדער אייגענער פּראָדוקציאָן און פֿאַר דער אייגענער אינדוסטריע בעפֿעלקערונג. נישט זעהענדיג מעהר אים שטאַנד צו מפרנס-זיין די גרויסע בעפֿעלקערונגס-מאַסע, שטעהט-אויף פֿאַר די אַלטע אינדוסטריע-לענדער אַן ערנסטע לעבענס-פֿראַגע, וועלכע קען ענדגילטיג געלעזט ווערען נישט אַנדערש, ווי דורך זייער צוריקקעהרען צו דער לאַנדווירטשאַפֿט. ווען אין די אַלטע אַגראַר-לענדער קומט-פֿאָר אַן עמיגראַציע פֿון דאָרף אין שטאָדט, מוז פֿריהער אָדער שפּעטער פֿאָרקומען אין די אַלטע אינדוסטריע-לענדער אַן עמיגראַציע פֿון שטאָדט אין דאָרף. ווערען די אַגראַר-לענדער זעלבסטשטענדיגער דורך דער ענטוויקלונג פֿון אַן אייגענער אינדוסטריע, וועלען די אינ-

דוסטריע־לענדער דערגרייכען אַ גרעסערע זעלבסטשטענדיגקייט דורך דער פֿערברייטערונג פֿון דער אייגענער לאַנדווירטשאַפֿט. איבּ דער צוריקקעהרען צו דער ערד־אַרבּייט איז אַ „רעאַקציע“, דאַן זענען אַלע קולטור־פֿעלקער פֿער׳משפט צו דיזער „רעאַקציע“.

די פֿערקלענערונג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטליכער בּעפֿעלקערונג, וועלכע קומט פֿאָר פּאַקטיש אין געוויסע הויך־ענטוויקעלטע לענדער — אין דייטשלאַנד, למשל, האָט זיך די לאַנדווירטשאַפֿטליכע בּעפֿעלקערונג פֿערקלענערט זייט 1882—1895 אויף אַ מיליאָן — פֿיהרט צו דער פֿאַלשער מיינונג, אַז די לאַנדווירטשאַפֿטליכע בּעפֿעלקערונג האָט די טענדענץ זיך להלוטין צו פֿערקלענערן. צו דער דאָזיגער מיינונג קאָן מען קומען, ווען מען נעהמט אין בּעטראַכט נור איינצעלנע לענדער. ווען מיר בּעטראַכטען, אָבּער, די וועלט־ווירטשאַפֿט, אַלס גאַנצעס, קומען מיר צו דעם שלוס, אַז די לאַנדווירטשאַפֿטליכע בּעפֿעלקערונג, וועלכע פֿערקלענערט זיך פֿערהעלטנישמעסיג, וואַקסט אַבּסאָלוט *). צווישען דער אינדוסטריעלער און לאַנדווירטשאַפֿטליכער בּעפֿעלקערונג עקזיסטירט אַ געוויסע צאָהל־פֿערהעלטניס, וועלכע ענדערט זיך נור מיט דעם פֿאָרטשריט פֿון דער קולטור. וואָס גרעסער עס איז, פֿון איין זייט, דער פּראָגרעס אין דער לאַנדווירטשאַפֿט, דאַרף זיך אַנ׳אַליץ קלענערער פּראָצענט פֿון דער בּעפֿעלקערונג בּעשעפֿטיגען מיט דער פּראָדוקציאָן פֿון נאַהרונגס־מיטלען און רויהע מאַטעריאַלען פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט. וואָס גרעסער עס איז, פֿון דער אַנדער זייט, דער וואוקס פֿון דער בּעפֿעלקערונג, מוז זיך אַנ׳אַליץ גרעסערע צאָהל מענשען אָבּגעבּען מיט דער לאַנדווירטשאַפֿטליכער פּראָדוקציאָן. אויף אַזאַ אופֿן, פֿערקלענערט זיך די לאַנדווירטשאַפֿטליכע בּעפֿעלקערונג רעלאַטיוו, בּעת אַבּסאָלוט — וואַקסט זי. אין דער הייניטיגער געזעלשאַפֿט זענען, אָבּער, די פּראָדוקטיוו־קרעפֿטען פֿון דער מענשהייט ניט גלייך פֿונאַנדערגעטיילט; און דער דאָזיגער אונגלייכער פֿערטיילונג פֿון די פּראָדוקטיוו־קרעפֿטען ענטשפּרעכט אויך דער אונגלייכער וואוקס פֿון דער אינדוסטריעלער און לאַנדווירטשאַפֿטליכער בּעפֿעלקערונג אין די פֿערשידענע לענדער. די לאַנדווירטשאַפֿטליכע בּעפֿעלקערונג קאָן זיך אין איינינע לענדער פֿערקלענערן נור אַ דאַנק דעם, וואָס אין אַנדערע לענדער וואַקסט זי דערפֿאַר נאָך מעהר. אָבּער, וואָס מעהר די אַגראַר־לענדער אינדוסטריאַליזירען זיך, ווערען אַליץ מעהר די אינדוסטריע־לענדער געצוואונגען זיך צו אַגראַריזירען. די פֿונאַנדערטיילונג פֿון די פּראָדוקטיוו־קרעפֿטען ווערט אויף אַזאַ אופֿן אַנ׳אַליץ גלייכמעסיגערע און דער אַבּסאָלוטער וואוקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטליכער בּעפֿעלקערונג וועט איבּעראַל פֿאָרקומען.

דער פּראָצעס פֿון צוריקקעהר צו דער לאַנדווירטשאַפֿט ווערט אָבּגעלעגט, אָבּער ניט אָבּגעשאַפֿט דורך דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע לענדער סטאַרען זיך מיט אַלע כּחות צו געפֿינען אַליץ נייע מערק פֿאַר זייער סחורה און ליפֿעראַנטען פֿון לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקטען. אין די נייע לענדער, וואָס ווערען געעפֿענט פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן, בּעגעגנען זיי אָפֿט אַנ׳עקשנות׳דיגען ווידערשטאַנד פֿון דער איינגעבּאָרענער בּעפֿעלקערונג און טרעפֿען זיך מיט מלוכות,

*) מאַסלאָוו. נאָכוואָרט צום „אַגראַר־פּראָגראַם“ פֿון קויטסקי.

װעלכע האָבען די זעלבע כונות, װי זײ. דערפֿון נעהמען זיך אַלע בלוטיגע קאָלאָניאַל־ און האַנדעלס־מלחמות, װאָס בעגלײטען די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע עפּאָכע. ס׳איז שױן אָבער ניט הינטער די הרי־חושך די צײַט, װען אױך די נײַע מערק װעלען פֿערלױרען געהן פֿאַר די אַלטע אינדוסטריע־לענדער. זאָגאַר בריטיש־אינדיען האָט שױן בעדײַטענד פֿערקלענערט דעם אימפּאָרט פֿון טעקסטיל־סחורה, װײַל זי בעפֿרידיגט אַלײן מעהר איהרע בעדערפֿנישען דורך דער אײגענער פּראָדוקציאָן. די אַרבײַטס־טײלונג צװישען אינדוסטריע־ און אַגראַר־לענדער װעט, פֿריהער אָדער שפּעטער, אינגאַנצען פֿערשװינדען. און דאַן װעט פֿאַר די אַלטע אינדוסטריע־לענדער זײַן נור צװײ מעגליכקײטען: אָדער אונטערגאַנג, אָדער צוריקקעהר צו לאַנדװירטשאַפֿט.

שױן יעצט זעהען מיר סימנים פֿון צוריקקעהר צו לאַנדװירטשאַפֿט אין הױך־ענטװיקעלטע לענדער. די סטאַטיסטיק שטעלט פֿעסט אַ לאַנגזאַמען װאַקסען פֿון די גרױסע שטעדט *). אין אײניגע שטעדט זאָגאַר איז די פֿערגרעסערונג פֿון דער צאָהל אײנװאָהנער קלענער װי דער נאַטירליכער צו־װאוּקס פֿון דער בעפֿעלקערונג, ד. ה. אַז די צאָהל אײנװאָהנער פֿערגרעסערט זיך נישט אױף אַזױ פֿיעל, אױף װיפֿיעל די צאָהל געבױרענע שטײַגט איבער די צאָהל שטאַרבענדע. דאָס ערקלערט זיך טײלװײַז דערמיט, װאָס צוליעב דער הױכקײַט פֿון דער ערד־רענטע אין די שטעדט, װערען פֿיעל פֿאַבריק־אַנשטאַלטען איבערגעטראָגען אין די פֿאָרשטעדט אָדער אין די דערפֿער; טײלװײַז, װידער, ערקלערט זיך עס דערמיט, װאָס פֿיעלע אַרבײַטער־משפּחות, מחמת דעם יקרות אױף דירות אין די שטעדט, קלײַבען זיך איבער צו װאָהנען אין די דערפֿער, הגם זײערע בעשעפֿטיגונג האָבען זײ אין די שטעדט; טײלװײַז, אָבער, ערקלערט זיך עס אױך מיט דעם פּשוט׳ען צוריקקעהר צו ערד־אַרבײַט. אױך אין די ערשטע צװײ פֿאַלען, איז דער צוריקקעהר אין די דערפֿער, אין דער זעלבער צײַט אַ טײלװײַזער צוריקקעהר צו לאַנדװירטשאַפֿט, װײַל די פֿאַמיליען פֿון די אַרבײַטער, װאָס װאָהנען אין די דערפֿער, פֿערנעהמען זיך מײַסטענס אַלס מיט אַ נעבען־בעשעפֿטיגונג, מיט לאַנדװירטשאַפֿט. װען די פֿאַבריקען געפֿינען זיך אין די דערפֿער, קומט אָפֿטמאָל פֿאָר, אַז אין דעם לאַנדװירטשאַפֿטליכען סעזאָן בעשעפֿטיגען זיך די אַרבײַטער אױף די פֿעלדער אָדער אין די גערטנער, און נור אין דער איבעריגער צײַט פֿון יאָהר, אַרבײַטען זײ אין די פֿאַבריקען.

דער געגענזאַץ פֿון אַרבײַטס־לאָזיגקײַט אין דער אינדוסטריע און מאַנגעל אין אַרבײַטער־הענד אין דער לאַנדװירטשאַפֿט, װאָלט געקאָנט זעהר לײַכט אױסגעגליכען װערען דורך דעם צוריקקעהר פֿון די איבערפֿליסיגע אַרבײַטער־הענד אין די דערפֿער. דאָס װאָלט אָבער געװען מעגליך נור דאַן, װען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָן װאָלט נישט געװען קײן אַנאַרכישע פּראָדוקציאָן. בעת דאָס געשעפֿט געהט זעהר גוט, ציהט די אינדוסטריע מאַסענװײַז דאָרפֿס־לײַט. און װען די קאָניונקטור פֿאַלט און פֿיעל אַרבײַטער װערען אַרױסגעװאָרפֿען אױפֿ׳ן גאַס, זענען זײ שױן אָבגעװעהנט פֿון דער ערד־אַרבײַט און זײ איז שװער זיך צוצופּאַסען

---

*) װאַנדערװעלדע. דער דאָרפֿישער אָבגאַנג און די צוריקקעהר אין דעם שױס פֿון דער נאַטור.

צו דער דאָרפֿישער סביבה. די לאַנדווירטשאַפֿט פֿון איהר זייט, בעת דער גוטער קאָניוקטור אין דער אינדוסטריע, איז געצוואונגען, צוליעב מאַנגעל אין אַרבײטער-הענד, צו פֿערענדערן איהר כאַראַקטער, צי דורך דער איינפֿיהרונג פֿון מאַשינען, צי דורך דער פֿערוואַנדלונג פֿון פֿעלדער אין לאָנקעס און אויף אַזאַ אופֿן צו פֿערקלענערן די נאָכפֿראַגע אויף אַרבײטער. ניט קוקענדיג, אָבער, אויף דעם, קומען צרטער-ווייז אין דער צייט פֿון אינדוסטריעלע קריזיסען, מאַסען אַרבײטער צו זוכען בעשעפֿטיגונג אין די דערפֿער. און זיי געפֿינען טיילווייז.

אַלס סימן פֿון דער צייט קאָנען אויך דינען די פֿיעלע פּראָיעקטען וועגען אינערער קאָלאָניזאַציע, וועלכע טראָגען זיך אין דער לופֿט, און וועלכע בעווייזען, אַז דער צוריקקעהר צו לאַנדווירטשאַפֿט הויבט זיך אַלץ מעהר אָן צו פֿיהלען אַלס אַ געזעלשאַפֿטליכע נויטווענדיגקייט. אָבער דער אינערער קאָלאָניזאַציע שטעהט, אויסער אַנדערע מניעות, אין וועג די הויכע ערד-רענטע אין די אַלט-קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע מאַכט שווער, אָדער אונמעגליך צו ערווערבען ערד-שטיקען פֿאַר מענשען מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל. די מענשען, וואָס טראַכטען זיך ענדגילטיג צו בעזעצען אַלס לאַנד-ווירטען ווענדען זיך דעריבער, דאָס רוב, אין וועניג בעזעצטע לענדער, וואו זיי בעקומען ביליג אָדער אומזיסט שטיקער ערד און אַלערליי אַנדערע אונטערשטיצונג פֿון די דאָרטיגע רעגירונגען. די קאָלאָניאַלע לענדער שטעלען פֿאָר אין אָנפֿאַנג אַ מאַרק פֿאַר די אַלטע אינדוסטריע-לענדער און דערמיט פֿערלענגערען זיי די עקזיסטענץ פֿון דער אַרבײטס-טיילונג צווישען אינדוסטריע- און אַגראַר-לענדער. פֿריהער אָדער שפּעטער, וועלען זיי אויך ענטוויקלען זייער אייגענע אינדוסטריע. סוף כל סוף וועט מוזען קומען אויף דעם אָרט פֿון אויסערער קאָלאָניזאַציע די אינערע קאָלאָניזאַציע.

ווען מיר וואַרפֿען אַ בליק אויף דעם גאַנצען ענטוויקלונגס-פּראָצעס פֿון דער מאָדערנער ווירטשאַפֿט, קאָנען מיר אין איהר אונטערשיידען דריי הויפּט-פֿאַזען. אין אָנפֿאַנג זעהען מיר די פֿעלקער גאַנץ אָבגעזונדערט איינער פֿונ'ם אַנדערען, אונאַבהענגיג. ווען עס קומט פֿאָר אַ האַנדעל צווישען די פֿערשידענע לענדער, איז עס נור פֿון לוקסוס-אַרטיקלען פֿאַר די הערשענדע קלאַסען. די גרויסע מאַסען פֿון דער בעפֿעלקערונג בלייבען פֿון דעם האַנדעלס-פֿערקעהר אונבעריהרט. יעדעס לאַנד פֿיהרט פֿאַר זיך אַ געשלאָסענע ווירטשאַפֿט. דער דאָזיגער צושטאַנד ענטשפּרעכט אַ נידעריגער שטופֿע פֿון ענטוויקלונג. דעם קאַמפּף געגען דער נאַטור פֿיהרען די פֿעלקער ניט בשותפֿות, נאָר אָבגעזונדערט, און זיי בעזיצען נאָך ניט קיין קאָמבינירענדע קראַפֿט אין דער נאַטור-בעהערשונג, וועלכע שטאַמט פֿון אינטערנאַציאָנאַלער מיטאַרבייט און אַרבייטס-טיילונג. די אַרבייט איז נאָך אַזוי וועניג פּראָדוקטיוו, אַז אַלעס וואָס ווערט פּראָדוצירט, מוז אויף אַנ'אָרט פֿערברויכט ווערען. אָבער אָהן אַנ'איבערפֿלוס פֿון פּראָדוקטען, קאָן נישט פֿאָרקומען קיין פּראָדוקטען-אויסבייט. די מענשהייט איז אימשטאַנד צו בעפֿרידיגען נור איהר נויטווענדיגסטע בעדערפֿנישען.

אין דער צווייטער ענטוויקלונגס-פֿאַזע טרעט אַרויס די טענדענץ, צו פֿערניכטען די עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די פֿעלקער; ס'איז ענטשטאַנען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטס-טיילונג: די נאַטוראַלע און סאָציאַלע. די סאָ-

ציאַלֶע אַרבּייטס־טיילונג טיילט אַ״יין די פֿעלקער די ראָלֶע פֿון אינדוסטריעלֶע פּראָדוצענטען און יענע פֿעלקער די ראָלֶע פֿון לאַנדווירטען. סיי אין די אינדוסטריע און סיי אין די אַגראַר־לענדער, ווערט אַנ׳אַליך גרעסערער טייל פֿון די בּעדערפֿנישען געדעקט מיט פֿרעמדע פּראָדוקטען. ענגלאַנד, דאָס ערשטע אינדוסטריעלע לאַנד אין דער וועלט איז נאָהענט דערצו, זי זאָל זיך אינגאַנצען פֿערוואַנדלען אין אַנ׳אונגעהויערע פֿאַבּריק פֿאַר דער גאַנצער וועלט. דאָס פֿאַלען פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט אין ענגלאַנד מאַכט קיינעם קיין זאָרג נישט, ווייל מען קוקט אויף דער גאַנצער וועלט ווי אויף קונדען פֿון דער ענגלישער אינדוסטריע און ווי אויף ליפֿעראַנטען פֿון לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקטען פֿאַר ענגלאַנד. פֿון איין זייט — לאַנדווירטשאַפֿט אָהן אינדוסטריע; פֿון דער אַנדער זייט אינדוסטריע אָהן לאַנדווירטשאַפֿט. אַלזאָ, ס׳קומט אויס אַז דער ציעל, וואוהין עס שטרעבּט די מענשליכע ענטוויקלונג — איז די אַבּסאָלוטע אָבּהענגיגקייט פֿון די פֿעלקער.

דאָס דוכט זיך אָבּער נור אַזוי. אין דער אמת׳ען, טראָגט די סאָציאַלע אַרבּייטס־טיילונג צווישען די פֿעלקער, נור אַ צייטווייליגען כאַראַקטער און ענטהאַלט אין זיך גופֿא דעם שורש צו איהר אייגענעם פֿערשווינדען. היסטאָרישנויטווענדיג ערפֿילט זי איהר אויפֿגאַבּע אין דער ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט, מאַכט זיך אַליין פֿאַר איבּריג און אונמעגליך, און דאַן — פֿערשווינדעט זי.

די אַרבּייטס־טיילונג צווישען אינדוסטריע און אַגראַר־פֿעלקער קאָן בּעטראַכט ווערען, ווי די אַרבּייטס־טיילונג צווישען קאָפּ און האַנד־אַרבּייטער אין בּרייטען זינן פֿון וואָרט. אין דער אינדוסטריע ווערט אָנגעווענדעט אַ אונפֿערגלייכליך־גרעסערע סומע מה־אַרבּייט, ווי אין דער לאַנדווירטשאַפֿט. די מאָדערנע אינדוסטריע איז גאָר ניט דענקבּאַר אָהן אַ העכערער ענטוויקלונג פֿון די נאַטור־וויסענשאַפֿטען, די געוואַלטיגע נאַטור־בּעהערשונג, וועלכע די מענשהייט האָט דערגרייכט דורך דער מאָדערנער אינדוסטריע, איז דער שטאָלצער נצחון פֿונ׳ם מענשליכען פֿערשטאַנד. כּדי די סאָציאַלע ענערגיע פֿון איין טייל פֿון דער מענשהייט זאָל זיך קאָנען קאָנצענטרירען אויף דער דאָזיגער מעהר גייסטיגער אַרבּייט, האָט ער געמוזט בּעפֿרייט ווערען פֿון יענער אַרבּייט, וואָס טראָגט אַ מעהר פֿיזישען כאַראַקטער. כּדי די אינדוסטריע זאָל קאָנען דערגרייכען איהר הויכע ענטוויקלונגס־שטופֿע, האָבּען די אינדוסטריע־לענדער געמוזט בּעקומען אַ גרויסען טייל פֿון זייערע רויהע מאַטעריאַלען און נאַהרונגס־מיטלען פֿון אַנדערע לענדער. אַזוי ווי אין אַלטערטום האָט, לויט דעם בּעריהמטען אויסדרוק פֿון ענגעלס, ניט געקאָנט ענטשטעהן קיין קולטור אָהן שקלאַפֿעריי, אַזוי האָט די מאָדערנע קולטור צו פֿערדאַנקען איהר ענטשטעהונג און ענטוויקלונג דער אַרבּייטס־טיילונג צווישען גייסטיגע און פֿיזישע אַרבּייטער ווי אין דעם זעלבּען לאַנד, אַזוי אויך צווישען פֿערשידענע לענדער.

אַזוי ווי די סאָציאַלע אַרבּייטס־טיילונג צווישען מעהר קאָפּ־אַרבּייטענדע אינדוסטריע־לענדער און מעהר האַנד־אַרבּייטענדע אַגראַר־לענדער, איז געווען נויטווענדיג צוליעבּ דער ענטשטעהונג פֿון דער מאָדערנער קולטור, אַזוי קאָן די לעצטע אין איהר ווייטערדיגער עקזיסטענץ נישט נור אויסקומען אָהן דער דאָזיגער אַרבּייטס־טיילונג, נאָר זי פֿערלאַנגט זאָגאַר לטובֿה פֿון איהר ווייטערדיגער ענטוויק־

לונג אין אויסבּרייטונג, אַז די אַרבּייטס-טיילונג זאָל פערשווינדען. די מאָדערנע קולטור איז אַ איינזייטיגע. זי זאַמעלט-אָן אין איין זייט די וויסענשאַפטען, די טעכנישע פערטיגקייטען, די הערשאַפטס-מיטעל איבּער דער נאַטור, בּעת זי לאָזט אויף דער אַנדער זייט גאַנצע פעלקער אין אַ צושטאַנד פון אונוויסענהייט, אונבּעהאָלפענקייט און שוואַכקייט געגען די נאַטור-קרעפטען. כּדי זיך אויסצובּרייטען און ווערען דאָס איינענטום פון דער גאַנצער מענשהייט, מוז זי פערניכטען די אַרבּייטס-טיילונג צווישען אינדוסטריע- און אַגראַר-לענדער. דער וואוּקס אין די אויסבּרייטונג פון דער מאָדערנער קולטור, בּעזייטיגען, אַלזאָ, דעם יסוד, אויף וועלכען זי איז ענטשטאַנען: די סאָציאַלע אַרבּייטס-טיילונג. דאָס קאָן געשעהן, נישט בּרענגענדיג די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער קולטור אין אַ סכּנה, ווייל די לאַנדווירטשאַפט זעלבּסט האָט אונטער דעם איינפלוס פון דער אינדוסטריע אָנגענומען העכערע פאָרמען און זי טראָגט נישט מעהר דעם פריהערדיגען האַראַקטער פון ריין פיזישער טעטיגקייט. די אַלטע אינדוסטריע-פעלקער, צוריקקעהרענדיג צו לאַנדווירטשאַפט, דאַרפען, אַלזאָ, דערמיט ניט אָבּציהען זייער סאָציאַלע ענערגיע פון דער גייסטיגער טעטיגקייט, וואָס עס וואָלט געווען אַ צוריקקעהר צו בּאַרבּאַריי. די אַרבּייטס-טיילונג צווישען אינדוסטריע- און אַגראַר-לענדער האָט פערלאָרען איהר זכות-הקיום.

און אַזוי שפּרייזט די מאָדערנע קולטור מיט ריזען-שריט פאָרווערטס. עס זענען אַריינגעטראָטען אין דער רייה פון אינדוסטריע-לענדער נאָך ענגלאַנד אויך דייטשלאַנד און פראַנקרייך; עס אינדוסטריאַליזירען זיך רוסלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן, עס הויבּען זיך אָן צו אינדוסטריאַליזירען בּריטיש-אינדיען, דרום-אַפריקאַ, די קאָלאָניאַל-לענדער. וואָס מעהר די אַגראַר-לענדער אינדוסטריאַליזירען זיך, אַלץ מעהר ווערען זיי עקאָנאָמיש זעלבּסטשטענדיגער און אַלץ מעהר ווערען די אַלטע אינדוסטריע-לענדער געצוואונגען צו פערבּרייטערען די אייגענע לאַנדווירטשאַפט. די שטרעבּונג צו זעלבּסטשטענדיגקייט פון איין זייט מוז פיהרען צו זעלבּסטשטענדיגקייט אין דער אַנדער זייט. די דאָזיגע דריטע ענטוויקלונגס-פאַזע האָט זיך ערשט יעצט נור אָנגעפאַנגען. זי מוז אָבּער קומען מיט אַנ'אייזערנער נויטווענדיגקייט.

אויבּ ס'איז, אַלזאָ, אין אָנפאַנג געווען אַ שטרעבּונג צו פערניכטען די נאַציאָנאַל-עקאָנאָמישע זעלבּסטשטענדיגקייט, ווערט די לעצטע צום סוף ווידער אויפגעשטעלט, אָבּער אין אַ נייער פאָרם. ווען די סאָציאַלע אַרבּייטס-טיילונג צווישען די פעלקער פערשווינדט, בּלייבּט אָבּער די נאַטוראַלע אַרבּייטס-טיילונג, וועלכע האָט נאָך די טענדענץ צו וואַקסען. אין דער צוקונפט וועלען די פעלקער ניט לעבּען אָבּגעזונדערט, — לויט די נאַטור-פערשידענהייטען וועט די אַרבּייט זיין געטיילט צווישען די פעלקער. בּשותּפות וועט געפיהרט ווערען דער קאַמפף פון דער מענשהייט געגען דער נאַטור, און אין דיזען בּשותּפות'דיגען קאַמפף וועט די שליטה פון דעם מענשען איבּער דער נאַטור דערגרייכען אַנ'אַלץ העכערע מדרגה. עס וועט אָבּער מעהר נישט זיין קיין קרעפטען-פעראיינינגונג פון אונגלייכע טיילען. די קולטור-אָבּגעשטאַנענקייט פון איין טייל פון דער מענשהייט וועט נישט זיין מעהר דער תּנאי-הקיום פון דער אַלגעמיינער קולטור. אָבּער,הגם, קול-

טורעל גלײַך ענטוויקעלט, וועלען דאָך די נאַציאָנען אין דער וועלט־ווירטשאַפֿט
פֿון דער צוקונפֿט ניט צונויפֿגעמישט ווערען אין אַנ׳אײנאַרטיגער מאַסע. די
מענשהײַט וועט מיט זיך אין דער צוקונפֿט נישט פֿאָרשטעלען קײַן אונענדליכֿע
סומע פֿון עקאָנאָמישע טײלען, נאָר אַ העכֿערע ווירטשאַפֿטליכֿע אײנהײַט, וועלכֿע
בעשטעהט פֿון אַ סומע ווירטשאַפֿטליכֿע אײנהײַטען פֿון נידעריגערער אָרדנונג.
די פֿעראײניגונג פֿון מעהרערע ווירטשאַפֿטליכֿע קאָלעקטיווען. דער וועלט־האַראַק־
טער פֿון דער ווירטשאַפֿט אין דער צוקונפֿט וועט איהר נאַציאָנאַלען האַראַקטער
נישט פֿערווישען, נאָר איהם נאָך שטאַרקער אויסדריקען, ווײַל אין דעם אינטער־
נאַציאָנאַלען האַנדעלס־פֿערקעהר דריקט זיך נישט אויס קײַן גלײַכֿאַרטיגקײַט, נאָר
די פֿערשידענאַרטיגקײַט פֿון דער פּראָדוקציאָן בײַ די פֿערשידענע לענדער. די
צוקינפֿטיגע וועלט־ווירטשאַפֿט וועט מיט זיך פֿאָרשטעלען אַנ׳אונענדליכֿעס לאַבאָ־
ראַטאָריום, וואו יעדע נאַציע וועט האָבען אַ בעשטימטען פּלאַץ אין דער אַרבײַט
פֿאַר דעם אײגענעם נוצען און פֿאַר דעם נוצען פֿון דער גאַנצער מענשהײַט.

———————

יעצט וועלען מיר איבערגעהן ספּעציעל צו די יודען און צום ציוניזם.

II

דאָכֿ וואָס ס׳איז בײַ אַנדערע פֿעלקער מעהר אָדער ווייניגער דאָך נור אַ
פֿראַגע פֿון דער צוקונפֿט, ווערט בײַ דעם יודישען פֿאָלק, אַ דאַנק גאַנץ בעזונדערע
היסטאָרישע פֿאַקטאָרען, אַ ברענענדע פֿראַגע פֿון דער געגענוואַרט. נישט אין
דעם עצם פּראָבלעם אונטערשײדען מיר זיך פֿון אַנדערע פֿעלקער, נאָר אין זײַן
ברייטקײַט און טיעפֿקײַט און אין דער צײַט פֿון זײַן בולט׳ן אַרויסטרעטען. די
אַלגעמײנע ענטוויקלונגס־טענדענצען גיסען זיך אויס בײַ דעם יודישען פֿאָלק אין
בעזונדערע פֿאָרמען.

מיר האָבען זיך איבערצײַגט, אַז די סאָציאַלע אַרבײַטס־טײלונג צווישען די
פֿעלקער האָט די טענדענץ צו פֿערשווינדען. די יודען פֿערדאַנקען אָבער זײער
גאַנצע עקזיסטענץ נאָר דער דאָזיגער אַרבײַטס־טײלונג. דאָס יודישע פֿאָלק איז
עקסטעריטאָריאַל, האָט נישט זײַן אײגענעם פּויערים־קלאַס און ציהט נישט די
יניקה פֿון זײַן עקזיסטענץ פֿון דער אײגענער טעריטאָריע און פֿון דער אײגענער
לאַנדווירטשאַפֿט. אין דער צײַט, ווען זאָגאַר די העכֿסט־ענטוויקעלטע אינדוסטריע־
פֿעלקער דעקען נור אַ טייל פֿון זײערע בעדערפֿנישען מיט פֿרעמדע פּראָדוקטען,
מוזען די יודען אַלע זײערע בעדערפֿנישען בעפֿריעדיגען מיט פֿרעמדער פּראָדוקציאָן.
בעת די היינטיגע אינדוסטריע־פֿעלקער געפֿינען זיך אין דער ראָלע פֿון דעם מאָדערנעם
פּויער, וועלכֿער פֿערקויפֿט אַ טײל פֿון זײַנע פּראָדוקטען, כּדי צו בעפֿריעדיגען
אַ טײל פֿון זײַנע בעדערפֿנישען מיט געקויפֿטע סחורה, זענען די יודען ענליך
צו דעם בעל־מלאכה, וועלכֿער מוז אַלץ פֿערקויפֿען כּדי אַלץ צו קויפֿען. כּדי צו
עקזיסטירען צווישען אַנדערע פֿעלקער, מוזען די יודען ערפֿילען ספּעציעלע פֿונקציעס,
וואָס יענע קאָנען נישט אָדער ווילען נישט איבערנעהמען.

וואָס זענען דאָס פאַר פונקציעס?

אין משך פון פילע יאָהרהונדערטען איז עס געווען דער מסחר, מיט וועלכען די יודען האָבען ערפילט אין דער וועלט־געשיכטע אַנ'עקאָנאָמישע מיסיע: זיי האָבען מיטגעהאָלפען און פערגיכערט די ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען אין די אייראָפּעאישע לענדער. דאָס איז געווען אין דער צייט פונ'ם פעאָדאַליזם, ווען די אונטערדריקטע קלאַססען האָבען נישט געקאָנט און די הערשענדע קלאַססען האָבען נישט געוואָלט זיך בעשעפטיגען מיט'ן מסחר. די יודען האָבען דאַן פערמיטעלט צווישען די פריצים און די פויערים און בעזאָרגט דעם האַנדעל מיט פּראָדוקטען פון אַנדערע געגענדען אָדער אויך פון אַנדערע לענדער. ווען די יודען האָבען זיך אויך בעשעפטיגט מיט האַנדווערק, איז עס דאָס רוב געווען נור פאַר דעם אייגענעם געברויך. דאָס יודישע פאָלק, אַלס גאַנצעס גענומען, האָט, אַלזאָ, געלעבט נור אַ דאַנק זיין פערמיטלער־ראָלע. די יודען זענען דאַן געווען אַ נויטווענדיגער עלעמענט, אָהן וועלכען מען האָט נישט געקאָנט אויסקומען. ווי פערהאַסט דאָס יודענטום איז דאַמאָלס נישט געווען, זיין יודען האָט דער פריץ דאָך געליבט, לויט דעם גייסטרייכען אויסדרוק פון י. ל. גאָרדאָן*).

זייער פערמיטלער־ראָלע האָבען די יודען ביז צו דער נאָהנטעסטער פערגאַנגענהייט נישט פערלוירען. זיי פלעגען אָפט בייטען דעם אָרט, אָבער נישט זייער סאָציאַלע פונקציע. דאָרט, וואו מען האָט זיך אין די יודען גענויטיגט, פלעגט מען זיי רופען צו זיך און זיי געבען געוויסע פּריווילעגיעס. אָבער גלייך, ווי דאָס לאַנד פלעגט זיך, אַ דאַנק די יודען, גענוג ענטוויקלען, אַז עס האָט געקאָנט ענטשטעהן אַ הענדלער־קלאַס פון דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג, פלעגט מען די יודען אַרויסיאָגען. די יודען פלעגען דעריבער עמיגרירען פון הויך־ענטוויקעלטע לענדער אין נידעריג ענטוויקעלטע, ד. ה. פון לענדער, וואו מען האָט זיי שוין נישט געדאַרפט, אין אַזוינע לענדער, וואו מען האָט זיך נאָך אין זיי גענויטיגט.

אויבערפלעכליך בעטראַכט, זעהט־אויס די גאַנצע יודישע גלות־היסטאָריע ווי אַ לאַנגע קייט פון צופאַלען, די אָפט זיך בייטענדע בעציהונגען פון די קריסטליכע פעלקער צו די יודען ווייזען־אויס ווי אַ פּראָדוקט פון היסטאָרישע קאַפּריזען. נאָר דער ענטוויקלונגס־צושטאַנד פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען אין די לענדער, וואו די יודען האָבען געלעבט און די סאָציאַלע ראָלע, וועלכע די יודען האָבען דאָרט געשפּיעלט, זענען אים שטאַנד אויפצודעקען די געזעצמעסיגקייט פון דער יודישער גלות־געשיכטע.

אין דער לעצטער צייט, טרעט אַרויס אַלץ דייטליכער — די ערשיינונג, וואָס די יודען פערליערען אַלץ מעהר זייערע אַמאָליגע סאָציאַלע פונקציעס. די קאַפּיטאַליזירונג פון די לענדער, וואו יודען לעבען אין געדיכטע מאַססען, בעזונדערס פון רוסלאַנד און פּוילען, גראָבט אַלץ מעהר אונטער דעם באָדען, אויף וועלכען די יודען שטעהען. די פערניכטונג פון דער אַלטער פּריצישער ווירטשאַפטס־

---

*) דער יוד ליעבט דאָס יודענטום און האַסט דעם יודען, דער פריץ האַסט דאָס יודענטום און ליעבט דעם יודען.

פֿערפֿאַסונג האָט בײַ די יודען אַװעקגענומען זײער פֿערמיטלער=ראָלע צװישען די פּריצים און די פּויערים. דער מסחר הערט אַלץ מעהר אויף צו זײַן דער מאָנאָפּאָל פֿון די יודען. דער אַײנגעבוירענער עלעמענט, װאָס איז פֿעהיג געװאָרען צום מסחר, האַלט אָב אינ'ם קאָנקורענץ=קאַמפּף מיט די יודען נצחון נאָך נצחון. פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע פֿערליערען די יודען, נישט האָבענדיג בכח צו געבען אַ שטאַרקען װידערשטאַנד, װײַל זײ קאָנען זיך נישט שטיצען, אין הסוף צו דעם אַײנגעבוירענעם עלעמענט, אויף אַ נאַציאָנאַלעם קויף=פּובליקום.

די געגנער פֿון ציוניזם, סטאַרענדיג זיך פֿון איהם אַװעקצונעהמען זײַנע װיסענשאַפֿטליכע בעגרינדונג, לײקענען מיט גרױס השק אָב די עקזיסטענץ פֿון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ. אָנשטאָט אָבער צו נעהמען צו הילף די פֿאַקטען, שטיצען זײ זיך אויף דער „רײנער לאָגיק“. מיר האָבען שוין אויבען געזעהן, אויף װעמענס זײַט עס זענען די פֿאַקטען. יעצט לאָמיר אויף איין אויגענבליק אָב=טרעטען פֿון טהעמאַ און זעהן, װעמען די לאָגיק גיט רעכט. נאָך דער „רײנער לאָגיק“ פֿון אונזערע געגנער, איז עס דעם קויפֿער פֿון סחורה גאַנץ גלײַך, װער עס איז דער פֿערקויפֿער, צי איז ער אַ מיטגליעד פֿון זײַן אייגענער נאַציע אָדער נישט. בנוגע דעם פּראָלעטאַריאַט מײנען אונזערע געגנער, אַז זײ גיבען דעם פּראָלעטאַרישען ציוניזם אַ טוידט=קלאַפּ, װען זײ רופֿען אויס מיט געמאַכטען רעװאָ=לוציאָנערען פּאַטאָס: „דעם קאַפּיטאַליסטישען װאַמפּיר איז עס קײַן הלוק נישט, אין װאָס פֿאַר אַ פֿאַרב עס איז אָבגעפֿאַרבט דאָס בלוט פֿון זײַנע אַרבײַטער“. צום בעדויערען, רעכענט זיך די װירקליכקײַט זעהר װעניג מיט דער „לאָגיק“ פֿון די אַנטיציוניסטען און שטעלט אַנטקעגען איהם אַהעק איהר אייגענע לאָגיק. פֿאַקטיש איז אויסער אַנ'אונבעדײַטענדער צאָהל רײַכע לעדיג=געהער, יעדער קאָנסומענט (קויפֿער) אין דער זעלבער צײַט אויך אַ פּראָדוצענט, (דעם אויסדרוק „פּראָדוצענט“ גענומען אין ברײטען זינען פֿון װאָרט). װען אַלס קאָנסומענט איז יעדען דאָס װאָהל=געהען פֿון דער נאַציאָנאַלער פּראָדוקציאָן גלײַכגילטיג, איז ער אין איהר שטאַרק פֿעראינטערעסירט אַלס פּראָדוצענט, אַלס פֿערקויפֿער פֿון סחורה. אויף דעם באָדען פֿון דיזער פֿעראינטערעסירטהײַט אַרבײַט זיך אויס די נאַציאָנאַלע אינ=טערעסען=סאָלידאַריטעט צװישען קאָנסומענטען און פּראָדוצענטען, ד. ה. צװישען אַלע מיטגליעדער פֿון דער זעלבער נאַציע — דער מקור פֿון דעם נאַציאָנאַל=גע=פֿיהל, דער יסוד פֿון דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע.

פֿון דעם נאַציאָנאַלען געפֿיהל זענען אויך די אַרבײַטער נישט פֿרײַ. הגם זײ װײַזען אויס פֿון אַלע קלאַסען אַם מײַסטען נאַציאָנאַל אינדיפֿערענט. די שײַנבאַרע נאַציאָנאַלע אינדיפֿערענץ פֿון דעם אַרבײַטער הויבט זיך געװעהנליך אָן ערשט דאַן, װען זײַן אַרבײַטס=פּלאַץ איז איהם געזיכערט, ד. ה. גראָד אין דער צײַט, װען די אַרבײַטער פֿון אַנדערע נאַציאָנען זענען פֿאַר איהם נישט מעהר קײַן קאָנקורענטען. קוים אָבער שטעהט פֿאַר איהם די קלענסטע געפֿאַהר צו פֿער=ליערען זײַן אַרבײַטס=פּלאַץ, טרעט אַרויס זײַן נאַציאָנאַליזם קלאָר גענוג. שוין גאָר נישט צו רעדען פֿון די „אונבעװאוסטזיניגע“ רוסישע אַרבײַטער אָדער פֿון די אַמעריקאַנישע טרעד=יוניאָנען*), װעלכע זענען מחמת זײער „אונבעװאוסטזיניגקײַט“

*) איבעריגענס, האָבען זיך די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען אויך געשטעלט אויף'ן טרעד=

אויך נישט קאָמפּעטענט אין אַזוינע פראַגען, איז געווען אַנצואווייזען אויף די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וואָס זענען לכל הדעות כשר'ע אינטערנאַציאָנאַ־ליסטען. די פראַנקפורטער פרייע (סאָציאַלדעמאָקראַטישע) געווערקשאַפטען צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע האָבען געשטעלט דער געמיינדע די פאָדערונג, אַז בּיי דער פערטיילונג פון שטאָדטישע אַרבּייטען זאָלען אין ערשטער ליניע צוגענומען ווערען נור פראַנקפורטער אַרבּייטער, אין צווייטער ליניע אינלענדער און נאָר ווען קיין אינלענדער וועלען זיך נישט געפינען, זאָלען צוגעלאָזען ווערען אויסלענדער, ד. ה. אָפען געזאָגט, אַז אויסלענדישע אַרבּייטער זאָלען אין גאַנצען אויסגעשלאָסען ווערען, ווייל אַזוינע פאַלען, ווען עס פעהלען אינלענדישע אַרבּייטער צו די שטאָדטישע אַרבּייטען געהערען אין דייטשלאַנד צו די זעלטענסטע אויסנאַהמען. דאָס, וואָס די פראַנקפורטער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טען פאָדערן פון דער געמיינדע, פאָדערט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע אין ווירטענבּורגער לאַנדטאַג (סיים) פון דער מלוכה בּנוגע דעם בּויען אייזענ־בּאַהנען, מיט'ן צוגאָב, אַז אויסלענדישע אַרבּייטער און אָנגעשטעלטע, אין פאַל, אַז מען וועט זיך אין זיי נויטיגען, זאָלען נור צוגעלאָזען ווערען מיט'ן הסכּם פון דער גענעראַל־קאָמיסיע פון די דייטשע געווערקשאַפטען. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, די לעהרער פון אינטערנאַציאָנאַליזם, שטעלען נישט נאָר שמאָל נאַציאָנאַל־פּראָלעטאַרישע פאָדערונגען, נאָר זיי שטרעבּען אויך צו האָבּען די קאָנטראָל אויף זייער דורכפיהרונג, נישט נאָר צום אַלגעמיינעם נאַציאָנאַליזם, נאָר זאָגאַר צום לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם האָבען זיי זיך אויפגעהויבען אָדער אַראָבּגעלאָזען. ווען אַזוינע שטרעבּונגען זינדיגען געגען דעם אינטערנאַציאָנאַלען אידעאַל פונ'ם אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט, דאַן מוז מען מודה זיין, אַז דיזער אידעאַל עקזיסטירט איבּערהויפּט נור בּיים „בּונד", וועלכער איז צום גליק אָדער אונגליק גאָר נישט אין דער לאַגע אַרויסצוווייזען אַזוינע רעאַקציאָנערע שטרעבּונגען און מוז ווילענדיג אָדער נישט ווילענדיג האַלטען זיין פאָהן אין אונבּעפלעקטען צושטאַנד.

האָבּענדיג דעם מעכטיגען כּלי־זין פון דעם קלאָרען אָדער אונקלאָרען נאַציאָנאַ־לען בּעוואוסטזיין געגען זיך, קאָנען די יודען ניט אויסהאַלטען דעם אונגלייכען קאַמפּף מיט זייערע שטאַרקערע קאָנקורענטען. די ערשטע פאָלגע דערפון איז, וואָס די יודען פערקלענערען זייערע פאָדערונגען. זעהר האַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיגער ערשיינונג איז דער שפּריכוואָרטליך געוואָרענער יודישער האַנדעלס־פּרינציפּ: „וואָס וועל איך פערליהרען?" אין היפוך צו דעם קריסטליכען האַנדעלס־פּרינציפּ: „וויפיל וועל איך פערדינען?". פון דער אַנטיסעמיטישער זייט ווערט אָפט אָנגעגעבּען אַלס סבּה פון דעם יודענהאַס [illegible] פערקויפען זייערע סחורה בּיליגער ווי די קריסטליכע הענדלער. אין דער אמת'ן איז עס נישט די ערשטע סיבּה פון דעם יודענהאַס, נאָר זיין פאָלגע, וועלכע פערוואַנדעלט זיך פון איהר זייט ווידער אין אַ סיבּה. האָט מען בּיי גלייכע בּעדינגונגען די יודען גע־

יוניאָניסטישען שטאַנד־פּונקט אין האָבּען פערוואָרפען די רעזאָלוציע פון דעם אַמסטערדאַמ'ער סאָציאַליסטען קאָנגרעס געגען דער נעזעצליכער בּעשרענקונג פון דער עמיגראַציע פון „אינ־אָרגאַניזירטע" עלעמענטען.

האַסט אַלס קאָנקורענטען, ווערען זיי ביי אונגלייכע בעדינגונגען נאָך מעהר געהאַסט און דערצו פֿעראַכטעט אַלס „שמוץ"=קאָנקורענטען.

אַ וויכטיגע פֿאָלגע פֿון דער נייער זאַכלאַגע איז די שאַרף אַרויסטרעטענדע שטרעבונג פֿון די יודען, איבערצוגעהן צו פּראָדוקטיווע אַרבייט. די שרעקליכע קאָנקורענץ אין דעם יודישען קליין=האַנדעל, וועלכער גיט אויף צום לעבען צו ווייניג און צום שטאַרבען צופֿיעל, מאַכט גיך אַ סוף צו דער אַמאָליגער אַריסטאָקראַטישער פֿעראַכטונג פֿון דער פֿיזישער אַרבייט, וועלכע האָט געשטאַמט פֿון די גוטע אַלטע צייטען, ווען די יודען זענען געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה פֿון דעם סאָציאַלען לייטער. זייער רייף געוואָרענע בעדערפֿניש איבערצוגעהן צו פּראָדוקטיווער אַרבייט, ווערט אין אַ גאַנץ אונגעוועגנדער מאָס און אויף אַ גאַנץ אונגעוועגענדען אופֿן בעפֿרידיגט אין דער קליינער פּראָדוקציאָן, וואו זיי בעגעגנען, פֿון איין זייט, די קאָנקורענץ פֿון דעם איינגעבאָרענעם עלעמענט און, פֿון דער אַנדער זייט, די פֿערניכטענדע טענדענצען פֿון דעם גרויס=קאַפּיטאַל. אין דער גרויסער פּראָדוקציאָן דאַגעגען האָבען יודען קיין צוטריט נישט. פֿאַר דעם יודישען אַרבייטענדען פֿאָלק איז פֿערשלאָסען די גרויס=אינדוסטריע, יענער קוואַל, פֿון וועלכען עס קוועלט אַרויס אַ שטראָם פֿון לעבען פֿאַר אונגעהייערע מאַסען, יענער קאַמפֿף=פּלאַץ, וואו עס ווערט אויסגעקעמפֿט אַ בעסערע געגענוואַרט, אַ גליקליכערע צוקונפֿט.

דער פֿאַקט פֿאַר זיך, וואָס יודען געפֿינען זיך נישט אין דער גרויסער פּראָדוקציאָן, וואונדערט אונז נישט, ווייל, ווי מיר האָבען געזעהן, קענען יודען וויבאַלד מען נויטיגט זיך נישט אין זיי, נישט אויסהאַלטען די קאָנקורענץ פֿון דעם איינגעבאָרענעם עלעמענט. מערקווירדיג איז נור די ערשיינונג, וואָס יודען האָבען אָבגעטראָטען זייער פּלאַץ אין דער גרויס=אינדוסטריע, אויסער איינציגע אויסנאַהמען, גאַנץ אָהן קאַמפֿף, וואָס די מאָדערנע ענטוויקלונג געהט די יודען פֿאָלשטענדיג פֿאַרביי, וואָס די יודען דאַרפֿען גאָר נישט ערשט אַרויסגעשטופּט ווערען פֿון דער גרויסער פּראָדוקציאָן, נאָר זיי ווערען גאָר לכתחילה נישט צוגעלאָזען. כדי דאָס צו פֿערשטעהן, מוזען מיר נעהמען אין בעטראַכט, אַז די יודען האָבען זיך פֿריהער געפֿונען הויפּטזעכליך נישט אין דער פּראָדוקציאָן, נאָר אין דער פֿערטיילונג פֿון די פּראָדוקטען, זיי איז דעריבער אויסגעקומען איבערצוגעהן פֿון פֿערטיילונג צו פּראָדוקציאָן, בעת דער איינגעבאָרענער עלעמענט איז נור איבערגעגאַנגען פֿון איין פּראָדוקציאָנס=צווייג צו דעם אַנדערען, פֿון לאַנדווירטשאַפֿט צו אינדוסטריע. ביי די יודען האָט נאָך ערשט געדאַרפֿט געבאָרען ווערען די פֿיזישע פֿעהיגקייט צו נעהמען אויף זיך די לאַסט פֿון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציאָן, אַ פֿעהיגקייט, וועלכע ווערט בעשאַפֿען נור אין דער פּראָדוקציאָן גופֿא. אין דער צייט ווען דער איינגעבאָרענער עלעמענט, קומענדיג פֿון דער פּראָדוקציאָן, האָט בעזעסען דיזע פֿעהיגקייט אין פֿולער מאָס. ווען די יודען זענען געווען אין פֿיזישער הינזיכט צו ווייניג ענטוויקעלט, זענען זיי, להיפּך, אין קולטורעלער הינזיכט געשטאַנען צו הויך און האָבען געהאַט צו גרויסע בעדערפֿנישען, כדי צו זיין אַ געווינשטער עקספּלאָטאַציאָנס=אָביעקט פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָפּיט=הונגער. שפּעטער קומען נאָך צו צו דער פֿיזישער פֿעהיגקייט די טעכנישע פֿערטיג=

קייטען, װעלכע װערען ערװאָרבען אין דער פּראָדוקציאָן גופֿא און איבערגעגעבען פֿון דור צו דור. דאָס װערט אַ מאָטיװ מעהר, די יודען נישט צו צילאָזען צו דער גרויס־אינדוסטריע. װען די יודען זענען פֿריהער געװען צו פֿיעל קולטורעל פֿאַר די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציאָנס־בעדערפֿנישען, זענען זיי יעצט צו װעניג קולטורעל פֿאַר די בעדערפֿנישען פֿון דער פּראָדוקציאָן. די נישט־צילאָזונג פֿון די יודען צו דער גרויסער פּראָדוקציאָן איז אויף אַזאַ אופֿן אַ דירעקטע פֿאָלגע פֿון זייער פֿריהערדיגער סאָציאַלער לאַגע. די װעניגע אויסנאַהמען, װען עס זענען פֿאָרגעקומען צוזאַמענשטויסען צווישען קריסטליכע און יודישע אַרבייטער, בעשטעטיגען נור די דאָזיגע אַלגעמיינע בעהויפּטונג, דען דיזע צוזאַמענשטויסען זענען נור פֿאָרגעקומען אין אַזוינע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, וואו יודען זענען געװען פֿריהער בעשעפֿטיגט און דערנאָך האָבען זיי אָנגענומען אַ כאַראַקטער פֿון גרויס־אינדוסטריע, ווי, למשל, צווישען די „װעבער“ אין ביאַליסטאָק. דאָרט האָבען די יודען נישט ערגער פֿאַר די קריסטען געהאַט די מעגליכקייט צו האַלטען די גרויסע פּראָדוקציאָן אין גאַנג, און עס האָט דאַריבער געמוזט צו ערשט אַרויסטרעטען דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף פֿאַר'ן אַרבייטס־פּלאַץ, כדי די יודען זאָלען װערען אַרויסגעשטופּט.

אויב די יודישע אַרבייטער זענען ביז אַהער נישט צוגעלאָזען געװאָרען צו דער גרויס־אינדוסטריע, האָבען זיי װאָס װייטער אַלץ װעניגער שאַנסען דערצו. דען פֿריהער האָבען זיי בעגעגענט נור סטיכישע שטערענישען, היינט, פֿערקעהרט, האָבען זיי געגען זיך אויך נאָך דעם אָרגאַניזירטען װילען פֿון די קריסטליכע אַרבייטער. ס'איז אַ גרויסע נאַאיװיטעט, צו גלויבען, אַז די קריסטליכע אַרבייטער װעלען פֿון חסד װעגען, אָדער צוליעב דעם אינטערנאַציאָנאַליזם צולאָזען אויף זייערע אַרבייטס־פּלעצער יודישע אַרבייטער. די טאַקטיק פֿון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין דער פֿראַגע, מיט װעלכער מיר האָבען זיך איבען בעקענט, איז גענוג לעהררייך. מען מוז איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל געדענקען, אַז דער פּראָלעטאַרישער אידעאַל איז ווי אָטטאָ בויער זאָגט,*) נישט הומאַניטעט, נאָר סאָלידאַריטעט, ד. ה. נישט דער אַבסטראַקטער פֿלייש־און בלוט־לאָזער פּרינציפּ פֿון מענשענליעבע, נאָר דאָס געזונדע געפֿיהל פֿון שותּפֿות'דיגע אינטערעסען. וואו דיזע פֿעהלען, איז נישטאָ װאָס צו רעדען פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם. קויטסקי**) זעהט די אינטערעסען־סאָלידאַריטעט, למשל, פֿון דעם דייטשען און פֿראַנצויזישען פּראָלעטאַריאַט מיט דעם איטאַליענישען אין דעם, װאָס װען די איטאַליענישע אַרבייטער פֿערבעסערן זייער לאַגע, הערען זיי אויף צו עמיגרירען אין דייטשלאַנד, אין פֿראַנקרייך, ד. ה. אַלזאָ אין דעם, װאָס, דורך דער פֿערבעסערונג פֿון דער לאַגע פֿון די איטאַליענישע אַרבייטער װערען זייערע דייטשע חברים פּטור פֿון אונבעקװעמע קאָנקורענטען. אַזאַ אויסטייטשען פֿונ'ם פּראָלעטאַרישען אינטערנאַציאָנאַליזם האָט געדאַרפֿט אויפֿעפֿנען די אויגען יענע תּמימות'דיגע געגנער פֿון ציוניזם, װעלכע ערװאַרטען די לעזונג פֿון דער יודישער אַרבייטער־פֿראַגע פֿון דער „בעװאוסטזיניגקייט“ פֿון דעם קריסטליכען פּראָלעטאַריאַט. מיט דער מאָראַל, קען מען אַזוי

*) דאָס נאַציאָנאַליטעטען־פּראָבלעם און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.
**) „נייע צייט“.

ווייניג לעזען עקאנאמישע פראגען, ווי מיט דער רעליגיאן וויסענשאפטליכע פראגען. דער סאציאליזם וועט אויך נישט קומען אלס נייער מאראלישער פרינציפּ, נאר אלס נייער עקאנאמישער פרינציפּ. נישט דורך דער נייער מאראל צו א נייער ווירטשאפטס־ארדנונג, נאר דורך דער נייער ווירטשאפטס־ארדנונג צו א נייער מאראל. דאס זעלבע איז אויך אין דער נאציאנאלער פראגע. נישט דורך די פערברידערונג פון די פעלקער צו זייער פרידליכען עקאנאמישען צוזאמענלעבען, נאר דורך דעם פרידליכען עקאנאמישען צוזאמען־לעבען פון די פעלקער צו זייער פער־ברידערונג.

די גרויס־אינדוסטריע איז און בלייבט פאר די יודען פערשלאסען. די יודען זענען אראב פון זייער אמאליגער הויכער סאציאלער מדרגה און געפינען נישט מעהר קיין פאסענדע סאציאלע פאזיציע, ביי די פעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען. ווערענדיג אלץ מעהר עקאנאמיש איבעריג, ווערען זיי אבגעשטופט אין די זייטען־געסלעך פון דער מאדערנער פראדוקציאן, אין דער האנדווערק־און מאנופאקטור־מעסיגע פראדוקציאן מיט איהר סעזאן־האראקטער, אין דער פראדוקציאן פון גע־ברויכס־מיטלען פאר דעם דירעקטען קאנסום מיט אונענטוויקעלטע פראדוקציאנס־מיטלען, אין כמות אונגענוגענד, אין איכות אונבעפרידיגענד. ווען מיר פערגלייכען די יודען מיט א הויך־ענטוויקעלטען אינדוסטריע־פאלק, מיט די ענגלענדער למשל, ווארפט זיך אונז גלייך אין די אויגען א געוואלטיגער אונטערשייד. די ענגלענדער וואס פערדאנקען זייער עקזיסטענץ טיילוייז דער סאציאלער ארבייטסטיילונג צווישען די פעלקער, מוזען אנשטרענגען אלע זייערע סאציאלע כחות, צו ברייננגען זייער אינדוסטריע אויף אנ׳אלץ העכערער מדרגה פון ענטוויקלונג, כדי די אנדערע פעלקער זאלען זיך נאך אלץ נויטיגען אין זיי, און, כדי אויף אזא אופן צו פערלענגערן די עקזיסטענץ פון דער סאציאלער ארבייטסטיילונג; די יודען להיפך וואס פערדאנקען זייער גאנצע עקזיסטענץ דער סאציאלער ארבייטסטיילונג, זיינען גאר נישט אים שטאנד מעהר אויפצוהויבען די פראדוקטיוו־קרעפטען פון דער מענשהייט און זענען נישט בכח צו געבען זייער ווייטערדיגער עקזיסטענץ צווישען די פעלקער א נייע עקאנאמישע בערעכטיגונג. די ענגלענדער פראדוצירען אלץ מעהר פראדוקציאנס־מיטלען, שטעלען צו דער מענשהייט אלס נייע און נייע הערשאפטס־מיטלען איבער די נאטור און פערלייכטערן אלץ מעהר איהר לעבענס־קאמפף. די יודען ארבייטען מיט אונענטוויקעלטע כלי־זין און מאכען זיך זייער אייגענעם לעבענס־קאמפף שווערער. אין דער ענגלישער פראדוקציאן שטעקט אלץ מעהר קאפ־ארבייט און זי בעדייטעט אנ׳אלץ גרעסערע הערשאפט פון דעם מענשליכען פערשטאנד איבער די נאטור־קרעפטען און די רוהע מאטעריע; אין דער יודישער פראדוקציאן ליגט מוסקעל־און שוויץ־ארבייט און זי בעדייטעט די הערשאפט פון דער רוהער מאטעריע איבער דעם מענשען. די ענגלענדער עקזיסטירען א דאנק זייער סאציאלער איבערלעגענהייט; די יודען — אין היפך צו די אמאליגע צייטען, צוליב זייער סאציאלער מינדערוועריגקייט. אט פאר וואס עס איז מעגליך געווען אנ׳עמיגראציע פון די יודען פון נידעריג ענטוויקעלטע לענדער אין הויך ענטוויק־קעלטע. די יודען האבען אין ענגלאנד און אמעריקא ענטוויקעלט זייער אייגענע פראדוקציאן, נישט דערפאר וואס די ענגלענדער און אמעריקאנער האבען עס אליין

ניִשט געֶקאָנט, נאָר װײַל זיִי האָבעֶן עֶס אַלײַן ניִשט געֶװאָלט. ניִשט בּעֶזיִצעֶנדיִג קײַן אײגעֶנעֶ לאַנדװיִרטשאַפֿט, האָבּעֶן די יודעֶן אויך ניִשט געֶקאָנט עֶנטװיִקלעֶן קײַן אײגעֶנעֶ גרויס=איִנדוסטריִעֶ און זיִך דעֶריִבּעֶר ניִשט געֶקעֶנט שטעֶלעֶן אין אײן שורה מיִט די מאָדעֶרנעֶ קולטור=פֿעֶלקעֶר. װעֶן מיִר זעֶהעֶן פֿון דאָס נײַ די צװײַאיִנג אין צושפּרײַטונג פֿון די יודעֶן צװיִשעֶן די פֿעֶלקעֶר, װעֶן דעֶר גרויסעֶר יודיִשעֶר עֶמיִגראַנ=טעֶן=שטראָם לאָזט איִבּעֶר איִבּעֶראַל קלײנעֶ טײַכעֶלעֶך, האָט עֶס ניִט מעֶהר, װי אַמאָל, קײַן קולטורעֶלעֶ בּעֶדײַטונג. אָנשטאָט פֿאָרצושטעֶלעֶן, װי אַמאָל, אַ העֶכעֶרעֶ װיִרטשאַפֿטס=פֿאָרם איִן אַ ניִדעֶריִגעֶר װיִרטשאַפֿטס=פֿעֶרפֿאַסוּנג — די געֶלדװיִרטשאַפֿט איִן דעֶר פֿעֶאָדאַליִסטיִשעֶר װעֶלט — און אויף אַזאַ אופֿן צו רעֶװאָלוציאָניִזירעֶן די װיִרטשאַפֿט און אויפֿצוהויבּעֶן די פּראָדוקטיִװ=קרעֶפֿטעֶן פֿון דעֶר געֶזעֶלשאַפֿט, שטעֶלעֶן די יודעֶן הײַנט פֿאָר אַ ניִדריִגעֶרעֶ װיִרטשאַפֿט=פֿאָרם איִן אַ העֶכעֶרעֶר װיִרטשאַפֿטס=פֿעֶרפֿאַסונג — די קלײנעֶ פּראָדוקציאָן איִן דעֶר װעֶלט פֿון גרויס=איִנדוסטריִעֶ און גרויס=קאַפּיִטאַל — און איִן זײעֶרעֶ עֶקאָנאָמיִשעֶ פֿונקציִעֶס ליִגט ניִשט מעֶהר רעֶװאָלוציאָנעֶרעֶס, שעֶפֿעֶריִשעֶס.

דעֶרמיִט עֶרקלעֶרט זיִך, פֿאַר װאָס עֶס האָט געֶקאָנט עֶנטשטעֶהן בּײַ אַ טײל פֿון דעֶר יודיִשעֶר איִנטעֶליִגעֶנץ — די „סיִימאָװצעֶס" — די איִדעֶאָלאָגיִעֶ פֿון דעֶר יודיִשעֶר „עֶקספּלואַטאַציִעֶ". דיִזעֶ איִדעֶאָלאָגיִעֶ איז אַזױ היִסטאָריִש עֶרקלעֶרליִך, װי זי איז װיִסעֶנשאַפֿטליִך פֿאַלש. הגם די יודעֶן זעֶנעֶן געֶצװאונגעֶן, צו פֿעֶרװעֶנדעֶן אַ גרעֶסעֶרעֶ סומעֶ סאָציאַלעֶ עֶנעֶרגיִעֶ אויף אַ גלײַכעֶן ציִעל, איז דעֶר שורש דעֶר=פֿון, ניִשט די נאַציאָנאַלעֶ „עֶקספּלואַטאַציִעֶ" נאָר די נאַציאָנאַלעֶ קאָנקורעֶנץ. אָבּעֶר אַלס אַ סימן פֿון דעֶר צײַט איז די סיִימאָװסקעֶ „טעֶאָריִעֶ" האַראַקטעֶריִסטיִש גענוג.

קײַן זאַך איִן דעֶר װעֶלט איז ניִשט איִם שטאַנד צו בּרעֶנגעֶן אַ װעֶזעֶנטליִכעֶ עֶנדעֶרונג איִן דעֶר עֶקאָנאָמיִשעֶר לאַגעֶ פֿון די יודעֶן איִן די גלות=לעֶנדעֶר. װעֶן די געֶגנעֶר פֿון ציוניִזם בּויעֶן גאַנצעֶ לופֿטשלעֶסעֶר אויף דעֶר קומעֶנדיִגעֶר יודיִשעֶר גלײַכבּעֶרעֶכטיִגונג איִן רוסלאַנד, בּעֶװײַזט עֶס נור די גאַנצעֶ נאַאיִװיִטעֶט, מיִט װעֶלכעֶר זײ קוקעֶן אויף דעֶר געֶזעֶצגעֶבּונג. די אויסנאַהמס=געֶזעֶצעֶן געֶגעֶן יודעֶן זעֶנעֶן דאָך ניִשט געֶװעֶן בּלויז אַ פּראָדוקט פֿון רײנעֶם װיִלקיִר. זײ האָבּעֶן פֿעֶר=פֿאָלגט דעֶם צװעֶק, צו שטיִצעֶן דעֶם אַײנגעֶבּאָרעֶנעֶם עֶלעֶמעֶנט איִן זײַן קאָנקו=רעֶנץ=קאַמפּף מיִט די יודעֶן און האָבּעֶן זיִך אָנגעֶפֿאַנגעֶן גראַדעֶ איִן דעֶר צײַט, װעֶן די יודעֶן האָבּעֶן אויפֿגעֶהעֶרט צו זײַן עֶקאָנאָמיִש נויטיִג. דאָס װײסעֶן, איִבּריִגעֶנס, אויך די טעֶאָרעֶטיִקעֶר פֿון „בּונד", װאָס שרײַבּעֶן=צו אַלעֶ יודיִשעֶ צרות דעֶר זעֶלבּסט=העֶרשונג *). די אויסנאַהמס=געֶזעֶצעֶן געֶגעֶן די יודעֶן שפּיִלעֶן דיִזעֶלבּעֶ ראָלעֶ װי די אַזױ=געֶנאַנטעֶ עֶרציִהונגס=צאָלעֶן אויף פֿרעֶמדעֶ פּראָדוקטעֶן. זײ עֶקזיִסטיִרעֶן אַזױ לאַנג, בּיז די אײגעֶנעֶ איִנדוסטריִעֶ װעֶרט אַלײן געֶנוג קרעֶפֿטיִג, אויסצוהאַלטעֶן די קאָנקורעֶנץ געֶגעֶן דעֶר פֿרעֶמדעֶר סחורה. די אויסנאַהמס=געֶזעֶצעֶן געֶגעֶן די יו=דעֶן װעֶלעֶן אויך אָבּגעֶשאַפֿט װעֶרעֶן, װעֶן מעֶן װעֶט זײ ניִשט דאַרפֿעֶן, ד. ה. דאַן, װעֶן דעֶר אַײנגעֶבּאָרעֶנעֶר עֶלעֶמעֶנט װעֶט אויך אָהן זײ זײַן שטאַרק געֶנוג איִן זײַן קאָנקורעֶנץ=קאַמפּף געֶגעֶן די יודעֶן, אַלזאָ דאַן, װעֶן זײעֶר אָבּשאַפֿונג

------

*) זעֶה דעֶם בּעֶריִכט פֿון בּונד צום איִנט. סאָצ. קאָנגרעֶס איִן פּאַריִז איִן יאָהר 1900.

וועט די יודען ווענִיג נוּצען. די אויסנאַהמס=געזעצגעבונג געגען די יודען האָט נור פֿערגיכערט דעם אונפֿערמיידליכען פּראָצעס פֿון דער אַרויסשטופּונג פֿון די יודען דורך דעם אַיינגעבאָרענעם עלעמענט.

„דער מאָהר האָט זיינע שולדיגקייטען געטאָן, דער מאָהר קען געהן!" די יודען האָבען זייער היסטאָרישע מיסיע צווישען די פֿעלקער ערפֿילט. די טענדענץ צו דער פֿערניכטונג פֿון דער סאָציאַלער אַרבייטס=טיילונג צווישען די פֿעלקער ווייזט זיך בעזונדערס שאַרף אַרויס אין דער בעציהונג צווישען די יודען און די פֿעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען. די לעצטע בעקומען אַלץ מעהר די פֿעהיגקייט, צו ערפֿילען די יודישע פֿונקציעס, און זיי ווערען אַלץ מעהר זעלבסטשטענדיג. די זעלבסט=שטענדיגקייט אויף איין זייט מוז מיט נאַטורנויטווענדיגקייט פֿיהרען צו זעלבסטשטענדיגקייט אויף דער אַנדער זייט. נאָך יעצט ליעבען פֿיעלע זיך צו שטיצען אויף מאַרקס'ן, וועלכער האָט געזעהן די לעזונג פֿון דער יודען=פֿראַגע אין דעם, וואָס די קריסטען זענען זעלבסט געוואָרען יודען *). ד. ה. וואָס דער גייסט פֿון שאַכערן און פּראָפֿיט איז אַריבער צו די קריסטליכע פֿעלקער און אויף אַזאַ אופֿן איז שוין מעהר נישטאָ קיין געגענזאַץ צווישען דער יודישער און קריסטליכער וועלט=אַנשויאונג. די אַנבעטונג פֿון דעם עגל=הזהב איז די רעליגיע, וועלכע פֿערבּרידערט די יודען מיט די קריסטען. דאָס איז אָבער געוועזען איינע פֿון יענע שטעלען, וואו מאַרקס האָט זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר אַנ'אינקאָנסעקווענטען מאַרקסיסט. מאַרקס'ס דיאַלעקטישע ענטוויקלונג פֿערלאַנגט פֿערקעהרט, אַז ווען די קריסטען זענען געוואָרען „יודען", מוזען די יודען ווערען „קריסטען". פֿון דער טעאָלאָגישער שפּראַך אויף דער עקאָנאָמישער איבערזעצט, הייסט עס, אַז ווען די קריסטליכע פֿעלקער זענען דערגאַנגען אין זייער ענטוויקלונג צו דער אויסבילדונג פֿון אַנ'אייגענעם סוחרים=עלעמענט, מוז בּיי דעם יודישען פֿאָלק ענטשטעהן אַנ'אייגענער פּועלים=קלאַס. די יודען, דאָס ערשטע פֿון די היינט=לעבענדע האַנדעלספֿעלקער, וועלכע פֿערדאַנקען זייער גאַנצער עקזיסטענץ דער סאָציאַלער אַרבּייטסטיילונג, מוזען, מיט דער פֿאָרשטרייטענדער פֿערשווינדונג פֿון דער לעצטער, די ערשטע איבערגעהן צו קאָלאָניזאַציע. די יעצטיגע יודישע עמיגראַציע אין הויכענטוויקעלטע, בעזעצטע לענדער לעגט נור צייטווייליג אָב דיזען פּראָצעס, זי איז אָבער נישט אימשטאַנד איהם אָבצושאַפֿען. די איבערזעטיגונג מיט דער יודישער עמיגראַציע אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ בעשטעטיגט עס דייטליך גענוג. די יודישע קאָלאָניזאַציע ווערט אַלץ מעהר אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט. דער צוריקקעהר צו דער לאַנדווירטשאַפֿט, וועלכער מוז פֿריהער אָדער שפּעטער איבעראַל פֿאָרקומען, זעהט זיך בּיי דעם יודישען פֿאָלק, אַ דאַנק בעזונדערע היסטאָרישע אומשטענדען, בעזונדערס שאַרף דורך און נעהמט אָן די פֿאָרם פֿון טעריטאָריאַליזם. די אַלגעמיינע ענטוויקלונגס=טענדענצען פֿון דער מענשהייט זענען נישט סותר דעם ציוניזם, נאָר זיי בעשטעטיגען איהם.

דער איבערגאַנג פֿון די יודען צו קאָלאָניזאַציע איז אַנ'אייזערנע היסטאָרישע נויטווענדיגקייט, אָבער נישט קיין טרויעריגע נויטווענדיגקייט. נור עם=הארצים

---

*) „די יודען=פֿראַגע."

קענען ערקלערען די קאָלאָניזאַציע פֿאַר אַ רעגרעס (ריקשריט). עס איז איבערהויפּט נישטאָ קיין פּראָגרעסיווע און רעגרעסיווע פּראָדוקציאָנס־צווייגען, נאָר פּראָגרעסיווע און רעגרעסיווע אינסטרומענטען פֿון דער פּראָדוקציאָן. בעניצען ענטוויקעלטע אינסטרומענטען אָנשטאָט אונענטוויקעלטע איז פֿאָרטשריט, פֿערקעהרט — אַ ריקשריט. מיר האָבען אָבער געזעהן, ווי „הויך" ענטוויקעלט עס זענען די אינסטרומענטען אין דער יודישער פּראָדוקציאָן. דאָרט אָבער וואו יודען געהען איבער צו ערד־אַרבייט, אַרבייטען זיי לויט דעם לעצטען וואָרט פֿון דער וויסענשאַפֿט. פֿון „שוויץ־אַרבייט" צו מאָדערנער קאָלאָניזאַציע איז אַ געוואַלטיגער שריט פֿאָרווערטס.

ווי שווער עס זאָל נישט זיין דער איבערגאַנג, — אין דער קאָלאָניזאַציע ליגט דער יסוד פֿאַר דער אויפֿלעבונג פֿון דעם יודישען פֿאָלק, אַ אויפֿלעבונג אין אַלע הינזיכטען.

ס'איז אַלעמען בעקאַנט, וואָס פֿאַר אַ פֿיזיש מינדערווערטיגען עלעמענט די יודען שטעלען יעצט פֿאָר. ווען די שטעדטישע בעפֿעלקערונג ביי אַנדערע נאַציאָנען דעגענערירט נישט, איז עס נור אַ דאַנק דעם צושטראָם פֿון דעם געזונדען פּויערים־בלוט אין די שטעדט. ביי אונז פֿעהלט דיזער צושטראָם. דערצו קומען נאָך צו די שלעכטערע לעבענסבעדינגונגען פֿון די יודען. אין די פֿייכטע קעלערס אין די שמוציגע בוידעמס קאָן נישט געדייהען קיין געזונדע ראַסע. די טיפֿע טראַגעדיע פֿון דעם יודישען לעבען בלייבט נישט אָהן ווירקונג אויף דער יודישער קולטור, וועלכע איז דורך און דורך ציקאַלעטשעט. נור צוריקקעהרענדיג צו דער מוטער־נאַטור, וועט דאָס יודישע פֿאָלק פֿיזיש און מאָראַליש אויפֿלעבען. אויף דעם געזונדען באָדען פֿון נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיגקייט וועט קענען אויפֿבליהען אַ געזונדע יודישע קולטור. ערשט דאַן וועט דאָס יודישע פֿאָלק זיין אין דער פֿעלקער־פֿאַמיליע פֿון דער צוקונפֿט אַנ׳אמת גלייכבערעכטיגטעס מיטגליעד. דאַן וועלען די יודען נישט מעהר דאַרפֿען זוכען זייער עקזיסטענץ־בערעכטיגונג אין קיינערליי מיסיעס, נישט אין עקאָנאָמישער, נישט אין רעליגיעזער און נישט אין סאָציאַליסטיש־אַגיטאַטאָרישער. האָבענדיג אין דעם וועלט־לאַבאָראַטאָריום זיין בעשטימטען פּלאַץ אין דער שאַפֿונג פֿון ברויט און גליק פֿאַר זיך און דער גאַנצער מענשהייט, וועט דאָס יודישע פֿאָלק קענען אויפֿהעבען שטאָלץ און פֿריי דעם קאָפּ און זאָגען: „איך בין, ווייל — איך בין". דער ציוניזם איז איינער פֿון די מעכטיגסטע פֿאַקטאָרען פֿון פּראָגרעס.



אַבְּרַאמָאוו.

# דֶער שְׁטוּטְגַארְטֶער קָאנְגְרֶעס
## און דִי יוּדֶען-פְּרַאגֶע.

לעזענדיג מיט אַ בעזונדער גרויסען אינטערעס די בעריכטען פֿונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין שטוטגאַרט, מיט אַ דורשטיגער אויפֿמערקזאַמקייט פֿערטיעפֿענדיג זיך אין די וכוחים, וואָס זענען דאָרט פֿאָרגעקומען וועגען עמיגראַציע, קאָלאָניזאַציע, מיליטאַריזם, דאַרף זיך דער יודישער פּראָלעטאַריער ניט-ווילענדיג אַ פֿרעג געבען: וואו זענען אויף דעם דאָזיגען קאָנגרעס געוועזען די פֿאָרשטעהער פֿונ'ם יודישען פּראָלעטאַריאַט, און וואָס האָבען זיי געטון, צוליעב'ן פֿערטיידיגען זיינע בעדערפֿנישען און אינטערעסען.?

און אַלץ אָפֿטער וועט די דאָזיגע האַרבע פֿראַגע אַרויסשווימען פֿאַר'ן יודישען פּראָלעטאַריער, אַלץ אָפֿטער וועט זי ענגבערען זיין מח, וואָס מעהר, וואָס אויפֿמערקזאַמער ער וועט לייענען די בעריכטען פֿון קאָנגרעס, פֿון אַלע זיינע פּלענאַרע (פֿולע) זיצונגען, פֿון אַלע הייסע, אָפֿט שטורעמדיגע וכּוחים אין די קאָמיסיעס און אין די אונטערקאָמיסיעס פֿונ'ם קאָנגרעס. פֿאַר'ן לעזער'ס בליק געהען דורך די פֿערטרעטער פֿונ'ם אַרבייטער-קלאַס פֿון 25 נאַציאָנען, פֿון די סאַמע גרעסטע און ביז די קלענסטע און שוואַכסטע. פֿון אַלע קולטורעלע פֿעלקערשאַפֿטען, וועלכע געפֿינען זיך אין די 5 טיילען פֿון דעם ערד-קוגעל, ניט נור פֿון דער קאַווקאַזער ראַסע, נאָר אויך פֿון דער מאָנגאָלער — די פּראָלעטאַריער פֿון אָט די אַלע פֿעלקערשאַפֿטען האָבען געהאַט זייערע פֿאָרשטעהער אין שטוטגאַרט. און יעדערער פֿון די דאָזיגע פֿערטרעטער, האָבענדיג פֿאַר זיך שטענדיג דעם אידעאַל פֿונ'ם סאָציאַליזם, אַלס וועג-ווייזענדער שטערען, האָט זיין שטים ענערגיש און מונטער אויפֿגעהויבען, צו פֿערטיידיגען די אינטערעסען פֿון די חברים פֿון זיין לאַנד, פֿון זיין פֿאָלק — יעדער פֿון זיי האָט דרייסט אַרויסגעזאָגט די בעגעהרייי און בעדערפֿנישען פֿון יענער מחנה פֿון דער פּראָלעטאַרישער אַרמעע, צו וועלכע ער אַליין געהערט אָן. און בעטראַכטענדיג אַ וועלכע עס איז פֿראַגע, האָט זיך יעדערער גערעכענט אין גאַנצען מיט די אינטערעסען פֿון זיינע חברים.

די פֿערטרעטערין פֿון אינדיען האָט שטאָלץ פֿונאַנדערגעוויקעלט אויף דער טריבונע פֿונ'ם אַרבייטער-אינטערנאַציאָנאַל די פֿרייע פֿאָהן פֿון איהר היימאַט, מוטהיג און אָפֿען גערופֿען אַלע פֿרייהייטס-פֿריינד, זיי זאָלען קומען איהר פֿאָלק צו הילף.

— „מיר ווענדען זיך צו דעם דאזיגען קאנגרעס — האט געזאגט די גענאָ-סין קאמאר — אלס צום טריבונאל פונ'ם מענשליכען יושר. אינדיען איז נאך אומגליקליכער ווי רוסלאנד, וועמענס קעמפפענדען פאלק זי שיקט איהר ברידערליכען גרוס און הייסען מיטגעפיהל. איהר אלע זענט דורכגעדרונגען מיט דעם דאזיגען מיטגעפיהל, וויל איהר ווייסט די ליידען פונ'ם רוסישען פאלק. איהר ווייסט אבער ווייניג אונזערע ליידען, און דעריבער אפעליר איך צו די פרייהייטס-פריינד אין דער גאנצער וועלט — זיי זאלען געדענקען וועגען דער בעפרייאונג פון דעם פינפטען טייל פון דער גאנצער מענשהייט, וועלכער בעפעלקערט די אומגליקליכע אינדיען. מיר פאדערען אין אינדיען פאר זיך מענשליכע רעכט, אויטאנאמיע און זעלבסטפערוואלטונג. אין נאמען פון אינדיען, וויקעל איך דא פונאנדער די פאהן פון דער אינדיאנער פרייהייט". א גרין-ווייס-רויטע פאהן מיט א האלבער לבנה אויף איהר האט א פלאטער געגעבען איבער די קעפ פון די פארשטעהער פונ'ם אינטערנאציאנאל. און שטורמישע אפלאדיסמענטען און בעגריסונגען אין זאל האבען געגעבען די מעגליכקייט זיך אויסצודריקען דעם הייסען מיטגעפיהל פונ'ם אלוועלטליכען פראלעטאריאט די אינדיאנער, וועלכע ליידען אונטערן שווערען יאך פון דער ענגלישער הערשאפט.

צי ווייס אבער דער אינטערנאציאנאל גענוג וועגען אונזערע ליידען? צי האט ער עפיס געהערט וועגען אונזער ספעציפיש-יודישען אומגליק? האט ער געזעהען דעם יודישען פראלעטאריאט און די יודישע ארבייטס-מאסען אין זייער גאנצער טראגישער קראפטלאזיגקייט, צו בעהערשען זייער אייגענעם גורל, און אליין צו שמידען זייער אייגענעם גליק? צי האט ער, לסוף, געהערט כאטש איין דרייסטען און שטאלצען ווארט פון די פארשטעהער פון דעם אונטערדריקטעסטען פראלעטאריאט פון דער אומגליקליכסטער נאציאן?

ניין, דער אינטערנאציאנאל האט עס ניט געהערט, ניט געזעהן, ער ווייס עס ניט!

אין שטוטגארט זענען ניט געוועזען קיין פערטרעטער פונ'ם יודישען פראלעטאריאט אין זיין גאנצער מאסע, פון די יודישע ארבייטער, וואס זענען צוזייהט און צוואָרפען איבער אלע גרעסערע און קלענערע צענטרען, ניט נור פון איין רוסלאנד, נאר אויך אמעריקא, ענגלאנד, עסטרייך, רומיניען, פאלעסטינא. אין שטוטגארט האט מען ניט געהערט די שטים פון דעם ארבייטער-קלאס פון דער איינער, הגם צושפרייטער יודישער נאציאן. אויפ'ן אינטערנאציאנאלען סאציאליסטישען קאנגרעס זענען געוועזען פארגעשטעלט נור איינצעלנע ארגאניזאציעס פון יודישע ארבייטער, און דאס אויך נור פון רוסלאנד.

וואס אנבעלאנגט דעם בונד, קומט אויס זעהר ווייניג צו שמועסען. ניט האבענדיג בעמערקט ביז יעצט אין דער יודישער עקאנאמיק קיין ריין-יודישע אייגענארטיגקייט און ספעציעל-יודישע אוננארמאליטעט, ניט האבענדיג בעמערקט, וואס פאר א שעדליכע בעדייטונג, דאס נאציאנאלע פראבלעם האט פאר'ן יודישען ארבייטער, איז זיך דער ניט-אנערקענטער „איינציגער פארשטעהער" געגאנגען מיט תקיפות פערביי אלע קראנקע פראגען פונ'ם יודישען פראלעטאריאט און זיין טרויעריגער ווירקליכקייט. ביטער און שוידערליך האבען געקרעכצט די קרבנות

פון אונזער צוקאליעטשעטען, קרענקליכען קיום, — דעם בונדס אויער האט עס ניט פערטומען. פאר'ן בונד האט ביז דער לעצטער צייט ניט עקזיסטירט, ניט די אונגעהויערע עמיגראציע, וועלכע ערשיטערט די אלטע צענטרען פון אונזער קולטורעלען און עקאנאמישען לעבען און וועלכע בויט שנעל אויף נייע גרויסע יודישע ישובים, ניט די קרענקליכע מניעות אויף דעם ענטוויקלונגס-וועג פונ'ם קלאסען-קאמפף, וועלכע עס בעגעגענט דער יודישער פראלעטאריאט, וואס פערנעהמט דעם לעצטען ארט אין דער גרויסער ארבייטס-ארמעע.

„שטעהענדיג מיט ביידע פיס אין רוסלאנד[1] און ניט וועהענדיג גארנישט, וואס סליגט ווייטער פון איהר אייגענעם נאז, האט די דאזיגע פארטיי אין די לעצטע יאהר פון איהר עקזיסטענץ געהאלטען אין איין פערלירען איהרע נאכפאלגער, ביז איהרע רייהען זענען, לסוף, געווארען אזוי שיטער, דאס זי האט מיט אמאל איינגעזעהן אי די אונגעוועהנליכע גרויס פון דער יודישער עמיגראציע, אי איהר ווירכטיגע בעדייטונג פאר דעם גאנצען יודישען ארגאניזם (אבער אלץ טאקי אין דער רוסלענדישער מלוכה). ווייטער פון אט דער ענטדעקונג איז דער בונד ניט געגאנגען, און אינסטינקטיוו מורא האבענדיג אריינצוקוקען אין דעם שורש פון די זאכען און ערשיינונגען, האט ער זיך גענומען אויסציזוכען עפים השובע תירוצים און פירושים אויף דער דאזיגער שרעקליכער יודישער עמיגראציע. לכתהילה האט ער נאטירליך, בעשטימט, אז ווי פריהער בלייבט ער פעסט „שטעהן מיט ביידע פיס אין רוסלאנד“. דער יודישער פראלעטאריאט האט זיך שוין אבער ניט געקענט צופרידענשטעלען מיט אזא „אויספארשונג“ פון זיינע פערוויקעלטעסטע און ווירכטיגסטע פראבלעמען. איהם האט זיך איינגעגעבען עפים שוין צו דערגעהן און אין דער דאזיגער פראגע וויים ער, מעגליך, פיעל מעהר ווי זיין מלמד.

דער יודישער פראלעטאריאט האט זיך ניט אבגעשטעלט אויף דעם האלבען וועג פון זיין דענקען, לאגיש האט ער דורכגעטראכט זיינע פראבלעמען ביז'ן סוף און איז געקומען צו א קלארען און בעשטימטען שלוס, דאס זיין ארבייטס-פראבלעם איז ענג און אונאבטיילבאר פערבונדען מיט דאס נאציאנאלע פראבלעם, און די לעזונג פון דער לעצטער איז מעגליך נור דורך דער טעריטאריאליזירונג פונ'ם יודישען פאלק און דורך דער שאפונג פון א זעלבסטשטענדיגער יודישער נאציאנאלער ווירטשאפט אויף א בעזונדער טעריטאריע.

יעצט שטעהט שוין ניט דער בונד בראש פון דער מעהרהייט פונ'ם יודישען פראלעטאריאט און פיהרט איהם ניט נאך זיך. פערקעהרט, ער שלעפט זיך נאך פון הינטען נאך דעם יודישען פראלעטאריאט, אבער אזוי לאנגזאם, דאס ער איז שוין אויף א היבשען מרחק אבגעשטאנען פון דעם הויפט-קארפוס פון דער יודישער ארבייטס-ארמעע. ווען דער בונד וואלט ערנסט חשק בעקומען ווידער צונויפצוגיסען זיך מיט די יודישע ארבייטער-מאסען, ווידער בעגייסטערט ווערען מיט זייערע אידעאלען, און ווידער פיהרען זיי נאך זיך נאך, וואלט איהם אויסגעקומען פיין א הארעווע צו טון, אום צו דעריאגען די דאזיגע מאסען אין זייער קלארען

1) א גאונ'ישער אפאריזם פונ'ם בונד'ס פאָ־שטעהער, אין זיין רעדע פאר'ן אינט. סאצ. ביורא געגען צולאזען דז ה. ס. אויפ'ן קאנגרעס.

פאַרשטעהן די יודישע ווירקליכקייט, אין זייער פראַגנאָז פון דער יודישער צוקונפט, אין זייער עלט־רעוואָלוציאָנערער שטעלונג פון זייער נאַציאָנאַלען פּראָבלעם. אַנערקענען דאָס דאָזיגע פאַרשטעהן און דעם דאָזיגען פראָגנאָז, בענעהמען און פערזאַגען די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערע שטעלונג פון די ציעלען, הייסט — אָבּ־צוזאָגען זיך פון צו „שטעהן מיט ביידע פיס אין רוסלאַנד", הייסט — דעם בעגריף פון דער יודישער נאַציאָנאַליטעט פערברייטערן און אַריבערנעהמען איהם איבער דער גרענין פון'ם רוסישען זשאַנדאַרם, פון יענער זייט ליטאָ, פוילען און רוסלאַנד, הייסט, ענדליך, — אַנערקענען די גרונד־פּרינציפּען פון'ם פּראָלעטאַרישען ציוניזם.

וועט יעס פריהער אָדער שפּעטער טון דער בונד, אָדער איהם איז בעשערט, ווי פיעל אַנדערע שטרעמונגען, אָבשפּילענדיג זיין ראָלע אין דער יודישער גאַס רוהיג דערלעבען זיינע לעצטע טעג, ניט בעאונרוהיגענדיג זיך מיט קיינע נייע בעגעהרען און קשיות, ביז דער אמת'ער אויסלייזער — דער טויט פון אַלטקייט און שוואַכקייט, וועט זיך אויף איהם ניט מרחם־זיין און איינשרייבען אין איינעם פון די פרקים פון דער יודישער גלות־געשיכטע דעם נאָמען פון דעם זעליגען בונד — מיר ווייסען עס ניט. מיר ווייסען נור, דאָס אויך אויפ'ן שטוטגאַרטער סאָציאַליסטישען קאָנגרעס איז דער בונד געבליבען זיך טריי. בונד, אַלס טייל פון'ם רוסלענדי־שען פּראָלעטאַריאַט, בונד אַלס געוועזענער אַוואַנגאַרד פון דער רוסלענדי־שער רעוואָלוציע—איז דאָרט געווען פערטראָטען. אָבער בונד, אַלס פאָרשטעהער פון אַ טייל פון דעם אָרגאַניזירטען יודישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט זיינע אייגענע בעדערפנישען, בעגעהרען און אויפגאַבען — אַזאַ בונד איז דאָרטען ניט געווען.

אויפ'ן שטוטגאַרטער קאָנגרעס זענען דאָך אָבער, הוץ'ן בונד געווען נאָך צוויי פּאַרטייען, וואָס האָבען אויף דער יודישער גאַס אַ גרעסערע אָדער קלענערע בעדייטונג; דאָרט זענען געווען די פאָרשטעהער פון ס. ס. און סיימיסטען.

בעקומענדיג אַ נעגאַטיווע תשובה אויף זייער בקשה, מען זאָל זיי אַריינ־נעהמען אין בעשטאַנד פון דער דעלעגאַציע פון ר. ס. ד. אַ. פּ. און אויס־הערענדיג פון צ. ק. פון אָט דער פּאַרטיי אַ לאַנגע נאָטאַציע, וואו ס'זענען אויסגערעכענט געוואָרען אַלע זייערע הטאים, עונות ופשעים געגען דעם אינטער־נאַציאָנאַלען סאָציאַליזם,[2] האָבען די ס. ס. זייער „דיעלאָ" אַריבערגעטראָגען אין אַ העכערער אינסטאַנץ, אין דאָס אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ביוראָ גופא. און דאָ, נאָך אַ האַרטנעקיגען ווידערשטאַנד מצד דעם בונדישען דעלעגאַט, וואָס

---

2) אין דעם דאָזיגען דאָקומענט, וועלכער איז זעהר הומאָריסטיש צוליעב זיין עם־הארצות און פּאָמפּע, ווערט אויך דערמאָנט דער נאָמען פון פּ. צ. אָבער יעדערער, וועלכער איז פיעל־ווייניג בעקאַנט מיט אונזער פּראָגראַם זעהט־איין גלייך דעם גאַנצען ציפעליגען חאַ־ראַקטער און אומגעלומפּערטקייט פון דעם דאָזיגען דערמאָנען די פּ. צ., ווייל אַלע בעווייזען זענען געריכטעט געגען די ס. ס. אין זייער פּראָגראַם־פאָדערונגען, ווייגע דעם פּראָגראַם פון פּ. צ. — איז קיין וואָרט ניטאָ. בעזונדערס אומגעלומפּערט איז דער דאָזיגער „ברוך־הבא" פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. דערמיט, וואָס דער צ. ק. פון י. ס. ד. א. פּ. האָט זיך צו איהר ניט געווענדעט מיט קיינע בקשות אין פאַרשלאָגען וועגען דער פאָרשטעהע־שאַפט אויפ'ן שטוטגאַרטער קאָנגרעס. דער ערשטער אָרדענטליכער צוזאַמענפאָהר פון י. ס. ד. א. פּ. האָט ווי געהעריג אָבגעשאַצט דעם ניט געבעטענעם אַריינמישען זיך פון דער רוסלענד. סאָצ. דעמ.

האָט קײַן רחמנות ניט געהאַט אויפ'ן אֶמת און געוויסען, אַבּי נור צו מציל זײַן דאָס סאָציאַליסטישע וועלט פון דער ציוניסטישער „אָנשיקעניש“ און דעם בונד פון קאָנפוז, נאָך דער דעמאַגאָגישער פאַלשער דרשה פון וויקטאָר אַדלער און בײַ דער אונטערעקטער שטיצע פון די ס. ר. האָבּען די ס. ס. ענדליך, לויט'ן פאָרשלאַג פון וואַן־קאָל, מיט אַ מעהרהייט פון 9 שטימען געגען 7, בּעקומען אַן־אָרט אין דער רוסלענדישער סעקציע מיט בּעראַטונגס שטים־רעכט.

נאָר איינשטימענדיג אויף דעם דאָזיגען להצאינ'דיגען בּעשלוס, וועלכער פאַסט וויַיט ניט פאַר'ן יודישען פראָלעטאַריאַט, האָבּען די ס. ס. זיך בּערוהיגט און זיך געזונגען אַ שבח והודיה. ווי לאַנג ערשט האָבּען זיי איופגעוואָרפען דעם בּונד און איהם די אויגען געשטאָכען, וואָס נור אויף דער יודישער גאַס שטעלט ער זיך אַרויס פאַר אַ הייסען און דרייסטען פערטיידיגער פון די אינטערעסען פונ'ם יודישען פראָלעטאַריאַט. פאַלט ער אָבּער נור אַרײַן צווישען פרעמדע, אין אַ ניט־יודישער געזעלשאַפט—האָבען די ס. ס. גע'טענה'ט—און זײַן גאַנצער רעוואָלוציאָניזם, דער יודישער רעוואָלוציאָניזם ווערט כּהרף־עין „אויסגעטריקענט“ און — ואיננו. קײַן וואָרט קאָן מען זיך בּײַ איהם ניט דערבּעטען וועגען די רעכלע בּעדערפנישען פון יענעם פראָלעטאַריאַט, וועמענס אינטערעסען, ער איינער, כּלומרשט, פערטרעט.

די טאַגעס־אָרדנונג פון שטוטגאַרטער קאָנגרעס האָט פאָרגעשטעלט אַ בּרייטען פעלד, וואו ס'האָבּען געקאָנט אַרויסטרעטען די פאָרשטעהער פון יודישען פראָלעטאַריאַט אויפצוקלערען פאַר'ן אינטערנאַציאָנאַל די גאַנצע אייגענאַרטיגקייט, אויסשליסליכקייט און אַנאָמאַליע פון דער יודישער עקאָנאָמיק, ווי אויך די וועגען און מיטלען, וואָס טויגען, זי אויסצוהיילען אָדער געזינדטער צו מאַכען. אויף דעם דאָזיגען קאָנגרעס איז געוועזען גינסטיגער ווי אַנ'אַנדערש מאָל אַרויסצוזאָגען אַ הויכען און שטאַלצען פראָטעסט געגען דער דורות־לאַנגער אונטערדריקונג פונ'ם יודישען פאָלק, געגען דעם אונעענדליכען טרעטען מיט די פיס זײַנע עלעמענטאַרע רעכט, לסוף, געגען דעם וואָס זאָגאַר די בּעסטע קעמפפער פאַר פרייהייט און רעכט פון אַלע פעלקער,, בּלייבּען פאַסיוו און גלײַכגילטיג צו די פיזישע און גייסטיגע לײַדען פון די געטריבּענע, געיאָגטע און היימלאָזע יודישע מאַסען. ניט בּעטען, נאָר פאָדערן אַ פערטרעטונג אינ'ם אינטערנאַציאָנאַל און רופען איהם, ער זאָל קומען צו הילף און אונטערהאַלטען דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קרעכצט אונטער'ן דאָפּעלען יאָך פון גלות און קאַפּיטאַליזם — אָט אין וואָס ס'איז בּעשטאַנען די פּפליכט פון די אֶמת'ע קינדער פון פאָלק, פון די פערטיידיגער פון זײַן אונטערדריקטעסטען טייל.

אָבּער וואָס־זשע האָבּען אויפ'ן שטוטגאַרטער קאָנגרעס געטון די ס. ס.?

מיט אַ הנ'עוודיגען שווייגען האָבּען זיי בּעגעגענט די פראַגע וועגען קאָלאָניאַ־לער פּאָליטיק, וועלכע האָט פונקט פאַר זיי דוקא אַ גאָר גרויסען אינטערעס. מיט קײַן איינציג וואָרט האָבּען זיי אויך ניט מזכה־געוועזען די וכוחים איבּער דער עמיגראַציאָנס־פראַגע. און, בּאֶמת, האָט דען ווער עס איז צו זאָגען וועגען אָט דעם ענין מעהר, ווי דער זוהן פון דעם אייביגען וואַנדער־פאָלק, דער היימלאָזער יודישער עמיגראַנט? און ווי אַ בּיטערע איראָניע פאַר אונז, ווי אַ גיפטיגע סאַטירע

אויף דער פערטרעטונג פונ'ם יודישען פראלעטאריאט אין אינטערנאציאנאל האט געקלונגען דער פראטעסט געגען דער אכזריות'דיגער פערפאלגונג, וואס די יודען שטעהען אויס פון דער רומענישער רעגירונג — דער פראטעסט, וואס האט געשטאמט פון א רומענער. נייז, די אינדיאנער האבען ניט געווארט, ביז די ענגלענדער זאלען געהן פראטעסטירען געגען דער אייגענער רעגירונג, וועלכע האט ארויס-געלעגט א שווערען יאך אויף אינדיען! זיי האבען אליין, אהן דיפלאמאטישער אדער פערלארענער פהדנות געשליידערט וויט זייער אויסרוף פאר'ן געזיכט פונ'ם רעוואלוציאנערען אלוועלטליכען פראלעטאריאט און אפעלירט צום טריבונאל פינ'ם מענשליכען יושר. א הייסע בעגריסונג און א ברידערליכען מיטגעפיהל האבען זיי בעקומען אלס תשובה.

קורץ, א פרידליכער אבמאך איז גלייך פון דער ערעפנונג פון קאנגרעס געשלאסען געווארען צווישען בונד און ס. ס., און די ריהרענדע פעראייניגונג האט זיך געהאלטען ביי זיי פעסט ביז דעם סאמע שלום פון קאנגרעס. אויסגעדריקט האט עס זיך אין דעם געמיינזאמען, טיעף סאלידארען קבר-שווייגען, ביי אלע פראגען, וואס בעריהרען אזוי פיהלבאר די צורודערטע נערווען פון דעם קראנקען יודישען ארגאניזם.

אפשר איז דאס געווען די פהדנות פון די גרויסע „העלדען געגען דעם יודישען בעל-הבית'על", אדער פשוט א ניט צוגעגרייטקייט צו יענע אויפ-גאבען וועלכע זענען אויף דעם דאזיגען קאנגרעס צופעליג אויסגעפאלען אויפ'ן גורל פון די ס. ס.? אפשר קענען עס די ס. ס. ערקלערען מיט דער אינערליכער צושפאלטונג, וואס ס'איז אונמעגליך צווישען זיך צונויפצורעדען, דיך מכה פיעל וויכטיגע פראגען? אפשר קאנען זיי אנווייזען אויף די טעכנישע שווירינקייטען פון דעם ארויסטרעטען פאר'ן אינטערנאציאנאלען קאנגרעס? האט זיך דא פיליילכט ארויסגעוויזען דער בעוואוסטזיניגער נאליאגען זיך נאך דעם סאמענט, אהן וואס ס'איז, א דאנק דעם בונד'ס גרינגע האנד, געווארען שוין לאנג אויף דער יודישער גאס ניט מעגליך קיין געהעריגע עקזיסטענץ פון פארטייען, — אדער גאר די ס. ס. האבען פיליילכט לכתחילה ניט געוואוסט נאך וואס געהען זיי צום אינטערנאציאנאל, זענען אהין געגאנגען נור נאכטאנצענדיג דעם בונד און אונערווארטעט קומענדיג אין דאס געבענשטע לאנד, האבען זיי דער גאנצער יודישער וועלט בעוויזען א זעלטענעם מוסטער פון א קליין שטעדטעל-דיגען בהור, וואס ווערט מטושטש אין א גרויסער שטאדט? האבען זיי זיך געיאגט נאך א וואלוועלער „פארשטעהעריי" אויף מיאוסע תנאים בכדי צו ערווערבען זיך נאך א מעהר וואלוועלען „שם" אין דער יודישער גאס — דאס אלץ וועלען מיר יעצט ניט געהן בעשליסען און פסק'ענען.

איינס נור ווייסען מיר, — אז ניט קוקענדיג אויף דעם בעטויבענדען קאנצערט פון קנאקענדע פראזען, וואס די ס. ס. האבען אבגעגעבען דעם יודישען פאלק לכבוד זייער בירנעם „נצחון"; און ניט קוקענדיג אויף דער גאנצער שמוציגער און קלייניליכער מהלוקת צווישען בונד און ס. ס. וועגען דעם, ווער פון זיי האט זיך העסליכער און אונפערשעמטער געפיהרט אין דער דאזיגער גאנצער געשיכטע — ניט קוקענדיג אויף דעם אלעם — איז אויף דעם 7-טען אינטער-

נאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס נאָך ניט געווען דער יודישער פּראָלעטאַריאַט אַלס אַזעלכער. דער קאָנגרעס האָט צו זיך צוגעלאָזען דעם טעריטאָריאַליזם, אין פּרינציפּ האָט ער אַנערקענט זיין גלייכבּערעכטיגקייט מיט יעדען אַנדערען סאָציאַליסטיש־פּראָלעטאַרישען פּראָגראַם, — אָבּער אויפ'ן קאָנגרעס איז נאָך דער טעריטאָריאַליזם נישט געווען. מיר האָבּען זיך געפּרעהט צוזאַמען מיט דער גאַנצער טעריטאָריאַליסטישער וועלט, וואָס מען האָט די ציוניסטען־סאָציאַליסטען צוגעלאָזען צום קאָנגרעס, בּעגריסט זיי און זיך מיט'ן ערפאָלג, — אָבּער אונזער שמחה האָט ניט געהאַט בּדעה די דאָזיגע ניט־געבּעטענע פערטיידיגער פון'ם טעריטאָריאַליזם, נאָר די עצם גרויסע בּעפרייאונגס־אידעע וואָס איהרע „טרעגער" האָבּען גלייך אין דער ערשטער מינוט פון'ם נסיון זי בּעהאַלטען פּהדנות'דיג אין דער קעשענע.

דאָס וואָס אויפ'ן קאָנגרעס זענען געווען אויך די סיימיסטען, האָט אַ האָר נישט אומגעענדערט דאָס בּילד, וואָס מיר האָבּען דאָ אויסגעמאָלט. די י. ס. האָבּען פיעל גרינגער ווי די ס. ס. בּעקומען אַנ'אָרט אין'ם אינטערנאַציאָנאַל. זענענדיג, אַזוי צו זאָגען, דער „יודישער דעפּאַרטאַמענט" בּיי דער פּאַרטיי ס. ר., האָבּען זיי אָהן אַ בּעזונדערען טומעל און האָרעוואַניע בּעקומען פון דער דאָזיגער פּאַרטיי אַ שטיקעל אָרט אויפ'ן קאָנגרעס צווישען אַלע איהרע איבּעריגע דעלע־גאַטען.[3] און דאָס האַלטען זיך פון די י. ס. אויפ'ן קאָנגרעס, קאָן נור אַנ'איבּעריגען מאָל בּעווייזען דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַר אַ ווערט עס האָבּען שענע און הויכע אויסרופען פון אַ הייפעל אינטעליגענטען וועגען זייער רעוואָלוציאָנערען נאַציאָנאַליזם. גלייך מיט'ן בּונד און ס. ס. האָבּען אויך די י. ס. ניט געשטערט די האַרמאָניע, וואָס האָט געהערשט צווישען די יודישע דעלעגאַטען; אין דעם אַלגעמיינעם כאָר פון די וואונדערליכע, געטליכע קלאַנגען פון דעם קבר־שוייגען וועגען דער יודען־פראַגע, האָט זיך ניט געלאָזט הערען קיין פּיפּס אויך מצד די י. ס.

אַלע יודישע דעלעגאַטען, האָבּען זיך ווי אויסגעקליבּען אין אַלגעמיינעם כּלל: „שטילער ווי וואַסער, נידעריגער ווי גראָז". אין דעם גאַנצען אויפפיהרען זיך פון די דאָזיגע פּאַרטייען אויפ'ן קאָנגרעס, האָט זיך שאַרף אַרויסגעוויזען די שקלאַפערישע טבע פון'ם יודען, וואָס האָט איהר יניקה געצויגען פון'ם גלות און פון דער אייבּיגער פערפאָלגונג, זיין טבע, שטענדיג סטאַרען זיך וואָס וועניגער זיך צו וואַרפען די „פרעמדע" אין די אויגען, צונויפדרעהען זיך אין דרייען און פער־קריכען אין דער אייגענער הויט בּיי דעם ערשטען בּליק פון די דאָזיגע „פרעמדע".

ס'וואָלט אָבּער אַ גרויסער טעות געווען, ווען מען זאָל די דאָזיגע דריי פּאַרטייען פון'ם „תּהום־המושבֿ" אָננעהמען פאַר'ן גאַנצען יודישען פּראָלעטאַריאַט. ניט קוקענדיג אויף די פערשידענע בּעדינגונגען, אין וועלכע ער לעבּט, ניט קוקענדיג אויף די רעגירונגס־גרענעצען און פּאַרקאַנעס, וואָס טיילען אָב איין טייל פון'ם אַנדערען, שטעלט דאָך פאַר מיט זיך דער יודישער פּראָלעטאַריאַט עטוואָס גאַנצעס,

---

3) מען מוז אָנווייזען אַלס שבח די ס. ר., וואָס זיי האָבּען אָבגעטראָטען די י. ס. דאָס־זעלבּען אויך אין שטים מיט בּעשליסענדע רעכט.

איינארטיגעס, איינציגעס. וואו ער זאל זיך ניט געפינען, וואו ער זאל ניט זיין אינטערוואָרפען דער עקספּלואטאציע, שטעהט אויף פאר דעם דאזיגען פּראָלעטאריאט שטענדיג איין און דאס זעלבע פּראָבלעם, איין און די זעלבע אויפגאבע — נאָרמאַליזירען די יודישע ווירטשאַפט אויף א יודישער טעריטאָריע. לעזען די דאזיגע אויפגאבע, דורכפיהרען די דאזיגע ארבייט — איז בערופען דער גאַנצער יודישער פּראָלעטאַריאַט.

פון דעם דאזיגען שטאַנד־פונקט, שטעלען מיט זיך פאר די יודישע ארבייטער פון יעדעס לאַנד נור איינצעלנע מהנות פון דעם איינעם יודישען פּראָלעטאַריאַט. לעבענדיג אין פערשידענע לענדער, האבען זיי, געוויס, אין יעדערען פון זייערע בעזונדערע אויפגאבען, וואס אין זייער לעזונג זענען ניט פעראינטערעסירט אונמיטעלבאַר די יודישע פּראָלעטאַריער פון אַנדערע לענדער. אבער דאס ערפאָלג־רייכע לעזונג פון אט די איינצעלנע אָרטיגע אויפגאַבען, קאן ניט געהן ווייטער פון פּאַלליאַטיוועך. דאָרט, אבער וואו מיר קומען־צו צום גרינדליכען איבערבויען די יסודות פון דאס יודישע לעבען, וואו עס הויבען זיך אָן צונויפצולעגען די בעדינגונגען, וואס זענען נויטיג צוליעב דער נאָרמאַליזירונג פון דער יודישער ווירטשאַפט (אין פּאַלעסטינאַ), דאָרטען דאַרפען די יודישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער זיך צונויפגיסען אין א איינציגען פערבאַנד, בכדי זיי געהעריג צו קאאָרדינירען זייער טעטיגקייט, בעהערשענדיג די סטיכישע פּראָצעסען פון דער יודישער דינאַמיק און בעוואוסטזיניג ריכטענדיג זיי אויפ'ן פאָראויס־ערקענטען היסטאָרישען וועג, וואס וועניגער מעגליך פערלירען כחות, וואס מעהר מעגליך זיי עקאָנאָמיזירען.

אזא איז דער שטאַנד־פונקט פון דער יודישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבייטער פּאַרטיי (פ. צ.).

ארויסגעהענדיג פון דעם דאזיגען כלל, האַלטען די פּועלי־ציון אונמעגליך פאר זיך אַריינצוגעהן אין א וועלכער עס איז עקזיסטירענדער נאַציאָנאַלער סעקציע אינ'ם אינט. סאָצ. קאָנגרעס. די פּועלי־ציון זעהען צו בעקומען פונ'ם אינטער־נאַציאָנאַל א פאָרשטעהעריי פאר'ן יודישען פּראָלעטאַריאַט, אבער ניט אין די סעקציעס פון יעדען בעזונדערען לאַנד, וואו זיין וואָהנ־אָרט איז, נאָר אַלס א זעלבסט־שטענדיגע יודישע נאַציאָנאַלע סעקציע.

פון דעם 14־טען ביז'ן 20־טען אויגוסט פונ'ם 1907 יאָהר איז פאָרגעקומען די פעראייניגונגס־קאָנפערענץ פון די יודישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון פ. צ. פון די פיער וויכטיגסטע ערטער פונ'ם יודישען ישוב, דהיינו: רוסלאַנד, עסטרייך, אמעריקא און פּאַלעסטינאַ. חוץ דעם האָט זיך אויף דער קאָנפערענץ אַרויסגעוויזען, דאס אין פערשידענע לענדער איז פאַראַן א בעדייטענדע צאָהל פ. צ. וואס גיבען זיך דערווייל ניט אונטער א שטרענגער אָרגאַניזירונג און גע־נויען חשבון, א דאַנק זייער צוזיהטקייט אויף א גרויסען שטח. בעזונדערס בע־דייטענד איז זייער צאָהל אין רומעניען, זיי זענען אבער פאַראַן אויך אין ענגלאַנד, האָלאַנד, בעלגיען, קאַנאַדע, אַרגענטינאַ, מצרים, ווי אויך אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד און דאַניען.

די קאָנפערענץ האָט געבראַכט צו דער לאַנג געוואונשטער פעראייניגונג

פֿון די פּ. צ. פֿון פֿערשידענע לענדער. זי האָט אויך געדאַרפֿט אָנפֿיהרען מיט'ן אַרויסטרעטען פֿון די פּ. צ. אויפֿ'ן אַלוועלטליכען קאָנגרעס פֿון די ציוניסטען. נאָר אַזוי ווי די פּ. צ. פֿון דער גאַנצער וועלט האָבען זיך דאָס דעם ערשטען מאָל צוזאַמענגעטראָפֿען, האָבען זיי ניט געהאַט די מעגליכקייט קומען צו אַ וועלכע עס איז איינשטימונג איבער פֿיעל וויכטיגע פֿראַגען; צוליעב די ערנסטע חלוקי־דעות, וואָס בילדען צווישען די פּ. צ. צוויי פֿערשידענע שטרעמונגען (די רוסלענדיש־פּאַלעסטינישע — מעהר ראַדיקאַלע, און די עסטרייך־אַמעריקאַנישע — מעהר מעסיגערע) האָט מען ניט צייט געהאַט צונויפֿרעדען זיך אין אַ משך פֿון עטליכע טעג און ביי אַנדערע עקסטרע־פֿראַגען, אין אַ משך פֿון עטליכע שעה, וואָס זענען געווען אין רשות פֿון דער קאָנפֿערענץ; דעריבער איז דאָס אַרויסטרעטען פֿון די פּ. צ. אויפֿ'ן קאָנגרעס ווייט ניט בעפֿרידיגענד אין זין פֿון קאָנזעקווענטהייט, טאַקט און סאָלידאַריטעט. די פּ. צ. וועלכע האָבען זיך פֿעראייניגט אויף דער קאָנפֿערענץ אין האַאַג, שטעהט נאָך פֿאָר אַ גרויסע אַרבייט אין דעם אויסגלייכען די אינערליכע חלוקי־דעות, וואָס ס'איז פֿיעל שווערער נאָך צוליעב דעם, וואָס די גרופּען געפֿינען זיך אויף אַ ווייטער שטרעקע איינע פֿון דער אַנדערער; ווען די דאָזיגע נאָהענטע אויפֿגאַבע וועט, אָבער, זיין דערגרייכט, דאַן וועלען די פּ. צ. פֿון דער גאַנצער וועלט מיט פֿאָלער רעכט אַ פֿאָדער טון פֿון דעם אַרבייטער־אינטערנאַציאָנאַל, ער זאָל זיי צולאָזען צו זיך, אַלס פֿאָרשטעהער פֿונ'ם אַלוועלטליכען יודישען פּראָלעטאַריאַט. דעם אַלוועלטליכען ביוראָ, וועלכער איז אויסגעוועהלט געוואָרען אויף דער דאָזיגער קאָנפֿערענץ, איז, אַגבֿ, איבערגעגעבען געוואָרען צו מאַכען די ענטשפּרעכענדע טריט בנוגע דעם בילדען אַ בעזונדער נאַציאָנאַלע יודישע סעקציע אין בעשטאַנד פֿונ'ם אינט. סאָצ. ביוראָ.

צוטרעטענדיג צו דער דאָזיגער אַרבייט, אַנערקענען די פּ. צ. קלאָר, דאָס זיי שטעהט פֿאָר אַ שווערער, האַרטער קאַמפּף מיט די אַלטע, צופּוילטע פֿאָרשטעלונגען, וואָס האָבען זיך אויסגעאַרבייט זאָגאַר אין די רעוואָלוציאָנערע מהות פֿון די פֿאָרשטעהער פֿונ'ם אינטערנאַציאָנאַל בנוגע אַלץ, וואָס איז שייך צו דער יודען־פֿראַגע. נאָר אין דעם דאָזיגען אידעען קאַמפּף וועט זיך די פּאַרטיי שטיצען אויף דער איבערצייגונג אין דעם אמת פֿון איהרע פֿאָדערונגען, אויף דער אַנערקענונג, דאָס ס'איז אונפֿערמיידליך יענער מאָמענט, ווען די אַריינטרעטונג פֿון דער איינציגער יודישער נאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער משפחה וועט, ענדליך, אָבהאַלטען אַ פֿאָלשטענדיגען נצחון איבער די פֿערשימעלטע און אָבגעלעגענע מיינונגען.



## אינהאלטס־פערצייכניס:



---

| | |
|---|---|
| פרץ הירשביין. דער אינטעליגענט | 25 „ |
| שלום אש. שריפטען 2 בענדער | צו 60 „ |
| „ „ משיח'ס צייטען | 35 „ |
| „ „ גאָט פון נקמה | 35 „ |
| מענדעלי מוכר ספרים. אלע כתבים. ערשטעס בוך | 1 רובל |
| י. ל. פרץ. שריפטען 2 בענדער | 2 „ |
| „ דראמאטישע ווערק | 50 קאָפ. |
| „ אכטע אָבטיילונג אין גיהנום און אנד. ערצעהלונגען | 40 „ |
| יעקב גאָרדין. גאָט מענש און טייוועל | 30 „ |
| „ „ קרייצער סאנאטא | 25 „ |
| „ „ סאפהאָ | 30 „ |
| „ „ די שחיטה | 30 „ |
| „ „ מירעלע אפרת | 30 „ |
| „ „ דבורה'לע מיוחסת | 20 „ |
| „ „ חאשע די יתומה | 30 „ |
| „ „ די שעהנע מרים | 30 „ |
| „ „ געברידער לוריאָ | 25 „ |
| „ „ דער יודישער קעניג ליר | 25 „ |
| „ „ דער ווילדער מענש | 25 „ |
| „ „ מעדעא | 20 „ |
| אָסיפ דימאָוו. שמע ישראל | 25 „ |
| יהואָש. געזאמעלטע ליעדער | 2 רובל |
| מאָרים ראָזענפעלד. געזאמעלטע ליעדער | 2 „ |
| שלום-עליכם. שריפטען אין 4 בענדער | 2 „ |
| דוד פינסקי. ערצעהלונגען. ערשטער באנד | 1 „ |
| „ „ פאמיליע צבי | 12 קאָפ. |
| א. מ. ווייסענבערג. די משוגענע אין דאָרף | 7 „ |
| ס. יושקעוויטש. דער הונגער | 25 „ |
| י. ל. פרץ. ביינאכט אויפ'ן אלטען מארק | 40 „ |
| גאָלדענע פונקען. ליטעראַרישער זאמעלבוך | 25 „ |
| נייע צייט. ליטעראַרישער זאמעלבוך. 3 העפטען | צו 7 און 15 „ |
| די וועלט. ליטעראַרישער זאמעלבוך. 2 העפטען | צו 35 „ |
| קנוט האַמסון. הונגער | 1 רובל |
| אי ווייטער. פאר טאָג | 20 קאָפ. |
| לעאָן קאָברין. ערצעהלונגען, ערשטער באנד | 60 „ |

ווי אויך פיעל אנדערע אויסגאבען ווי א י י ג ע נ ע אזוי אויך פון די פערלאַגען „די וועלט", „צוקונפט", „יבנה", „קדימה", „פראָגרעס", „ביכער פאר אלע" און ‹Перевалъ›.

ביי אונז ווערט אויך אָנגענומען דאָס אבאָנעמענט אויף די

## „ליטעראַרישע מאנאטסשריפטען".

אין דער נעכסטער צייט ערשיינט ביי אונז **א נייע דראמא**
פון **פרץ הירשביין: „דער תקיעת-כף".**

**קאטאַלאָגען ווערען געשיקט אומזיסט.**

---

אדרעס פאר געלד און בריעף:

Вильна, Зарѣчье 3/12, Издательство «ДЕРЪ ГАМЕРЪ».